ל. שפּיזמאַן

# די געטאָס אין אויפשטאַנד

אַרויסגעגעבן פון
צענטראַל-קאָמיטעט פון פּועלי ציון - צעירי ציון
ניו-יאָרק
1944

# אינהאַלט:

# „זייערע געשטאַלטן פאַר אונזערע אויגן"

## (אַנשטאָט אַ הקדמה)

אַנשטאָט אַ הקדמה צו דער פאָרליגנדיקער אַרבעט פון ח׳ ל. שפּיזמאַן „די געטאָס אין אויפשטאַנד" ברענגען מיר דאָ די ווערטער פון ח׳ בערל כצנלסון אויף דער ספּעציעלער קאָנפערענץ פון דער הסתדרות, געווידמעט דער הילף פאַר די יידישע מאַסן אין אייראָפּע, אין מאַי 1943.

די ווערטער פון ח׳ בערל, אַרויסגעבראַכט אין טיפן צער און ווייטיק, דריקן אויס די שטימונגען פון אונזער צעזייטער מחנה איבער אַלע טיילן פון דער יידישער וועלט־צעשפּרייטקייט. זיי זיינען היינט פּונקט אַזוי אַקטועל ווי אין דער מינוט ווען ס׳האָבן זיי אויסגעהערט אין טיפן ערפורכט די שליחים פון דער ארץ־ישראלדיקער אַרבעטערשאַפט.

„זאָל זייער געשטאַלט זיך פאַרהאַלטן פאַר אונזערע אויגן". לאָמיר זיך פאַראייניקן אין גייסט מיט די העלדן־קדושים פון די פּוילישע געטאָס און לאָמיר אַנטפּלעקן אין זיך דעם זעלביקן פאַרצווייפלונגס־מוט און גבורה — די קוואַלן פון וואַנען ס׳האָבן געשעפּט אונזערע ברידער אין פּוילן — אין קאַמף קעגן רשעות און באַרבאַריי און פאַר פולער יידיש־מענטשלעכער גאולה.

די אַרויסגעבער

---

מיר שטייען פאַר דער גרעסטער, גרויזאַמסטער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט געטראָפן דעם יידנטום זינט עס איז חרוב געוואָרן אונזער לאַנד, מיר האָבן פאַרלוירן די פרייהייט און זיינען צעשפּרייט געוואָרן איבער דער וועלט. אין דער דאָזיקער פינסטערער שעה זיינען מיר אייניק אין גייסט מיט אונזערע ברידער און שוועסטער, וואָס געפינען זיך אין שקלאַפעריי און געפאַנגענשאַפט, אומעטום וואו דער יידישער גורל־האָט זיי געטראָפן . . .

זאָל זייער געשטאַלט זיך פאַרהאַלטן פאַר אונזערע אויגן. די געשטאַלטן פון שוועסטער, וואָס האָבן געזוכט דעם טויט, כדי אויסצומיידן שאַנדע; פון יוגנטלעכע, וואָס טרוימען אין דער פינסטערניש וועגן עולה

זיין קיין ציון; פון לערער, וואָס באַגלייטן זייערע שילער אין די טויט־וואַגאָנעס, כדי צוזאַמען דערשטיקט צו ווערן; קהילה־פאַרשטייער, וואָס זיינען מקריב זייערע לעבנס, כדי צו ראַטעווען זייער עדה; חלוצים, וואָס טראָגן אונטערערדיש די פאָן און דאָס פייער; אַרבעטער און יונגע מענטשן, וועלכע קרייצן די לעבנס־געפערלעכע גרענעצן, כדי צו ראַטעווען עמיצן אָדער צו ברענגען ידיעות; די אַלע, וואָס האָבן, איזאָ־לירטע און שוצלאָזע, געענטפערט מיט רעוואָלט און קאַמף אויף די שחיטות.

לאָמיר עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. לאָמיר אייביק זיי געדענקען. נאָר אין זייער זכות, אין זכות פון די יידישע מאַסן, זיינען מיר אַהער געקומען. נאָר פון זייערטוועגן קענען מיר אויפהאַלטן אַ טרייסט־ליכט פאַר שארית־ישראל, פאַר די, וועלכע מיר האָבן דאָרט איבערגעלאָזט. אַלץ, וואָס וועט דאָ געשאַפן ווערן אין דער צוקונפט, איז די פרוכט פון זייערע תפילות, זייערע טרוימען, זייער מי און קאַמפן, — בלויז אַ דאַנק דעם אַלעמען איז דאָ אַלץ געשאַפן געוואָרן אָדער וועט געשאַפן ווערן.

לאָמיר פילן זייער אמונה און גבורה אין יעדן קלאַפּ פון אונזער האַרץ. קיין שום אָנשטרענגונג, קיין שום קרבן טאָר ניט זיין צו גרויס, אויב עס איז מעגלעך דערמיט צו העלפן זיי און דורכדעם ראַטעווען אונז אַליין.

לאָמיר אין אונזער ווייטיק ניט פאַרגעסן אונזער איינזאַמקייט צווישן די פעלקער, וואָס קעמפן קעגן אונזער שונא. איז די וועלט טויב געוואָרן? זי האָט ניט קיין אויער פאַר אונזערעליידן, זי פאַרמאָגט ניט קיין הילף און שוץ אָנצובאָטן אונז. דאָס האַרץ פון דער וועלט איז פאַרמאַכט פאַר אונז. דאָס איגנאָרירן אונזער פאַרגאָסן בלוט ווערט באַרעכטיקט מיט ווערטער, מיט גאוותדיקן פוסטן פלפול. פאַר אונזערע ליידנדיקע זיי־נען די טויערן געשלאָסן; פאַר אונזערע פליטים איז נישטאָ קיין טראַנ־זיט־רעכט; די, וואָס אַנטלויפן, ווערן פאַרמשפּט אונטערצוגיין אויפן ים; די, וואָס ראַטעווען זיך, ווערן דערווייטערט פון די ברעגעס פון אונזער און זייער היימלאַנד. די שענדלעכע פּראַקטיק פון ניט באַטראַכטן אונז אַלס נאַציִע פאַראורטיילט פאַרויס די אַלע, וואָס ראַטעווען זיך אָדער וועלן זיך ראַטעווען. שטאַטסלייט שעמען זיך ניט צו פאַרזאַמלען זיך און דערקלערן עפנטלעך זייער אומפעאיקייט און מאַנגל פון גוטן ווילן. דאָס אומגליק האָט אונז דערוויזן, אויסער יעטוועדער דיסקוסיע, דעם

גורל פון אַ פאָלק אָן אַ היים, אָן זעלבסטשטענדיקייט, אָן זעלבסטשיצנ־דיקער קאָנצענטראַציע פון דער באַפעלקערונג.

לאָמיר אין אונזער אומגליק ניט פאַרגעסן אָן יענע יחידים, פשוטע פאָלקס־מענטשן ווי אָנגעזעענע לייט, וועמענס הערצער זיינען באַרירט געוואָרן פון אונזער פיין; די, וועלכע האָבן זיך ניט באַגנוגנט מיט וואוילקלינגענדיקע פראַזעס, נאָר האָבן דערלאַנגט הילף די ליידנדיקע, ניט אַכטנדיק אויף די געפאַרן, מיט וועלכע דאָס איז געווען פאַרבונדן.

מיר דאַנקען זיי פון טיפן האַרצן: זיי טראָגן מיט ווירדע דעם גוטן נאָמען פון דער מענטשלעכער ראַסע. זיי זיינען אָבער ניט די, וואָס לענקען די האַנדלונגען פון די רעגירער. די גרויסע הומאַנע מעשים פון אָט די באַהאַלטענע צדיקים גרייכן ניט בשום־אופן צו קיין ברייט־צוגיקער רעטונגס־אַרבעט.

אין אָנזיכט פון אַ פאַרפרעמדט־פיינדלעכער וועלט, וואָס איגנאָרירט אונזער בראָך, וועלן מיר לאָזן אויפפלאַקערן אין אונזער האַרץ די ליבע צו אונזער געפייניקט, פאַראייגזאַמט פאָלק. מיר וועלן פאַרטיפן דעם באַוואוסטזיין פון דער איינקייט פון אונזער גורל אין אַלע ציטן און אין אַלע לענדער, מיט דער אומצעשטערבאַרער וויזיע פון דערלייזטן פאָלק ישראל — אַ גלייכן אין דעם כלל פון פעלקער, מיט דער וויזיע פון גאולה פאַר דער גאַנצער מענטשהייט דורכן אויפבוי פון סאָציאַ־ליזם און הערשאַפט פון גלייכקייט און פרייהייט.

מיר מוזן ווייטער קעמפן, אין אַלע אומשטענדן און אין אַלע באַדינ־גונגען; מיר מוזן שטאַרקן אונזער חלוצישע אָנטשלאָסנקייט קעגנצו־שטעלן זיך דעם פיינדלעכן רעזשים, צו וואַקסן, צו צעשטערן און אָפ־שאַפן די שטערונגען. מיר וועלן אויפנעמען יעטוועדע כוואַליע פון פליטים. מיר וועלן אומדערמיידלעך ווייטער שפינען דעם פאָדעם פון אונזער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, ביז מיר וועלן פריי ווערן פון שקלאַפעריי און פון גלות.

# 1942 — דאָס פינסטערסטע יאָר אין דער יידישער געשיכטע

דאָס יאָר 1942 וועט זיכער אַריינגיין אין דער געשיכטע פון שווער־געפּרואווטן יידישן פאָלק אַלס דאָס פינסטערסטע יאָר אין זיין מאַרטירער־גאַנג דורך דורות. די נאַציס האָבן דעמאָלט דורכגעפירט די פיזישע מאַסן־אויסראָטונג פון הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען יידן. די בלוטיקסטע דראַאונגען פון די נאַצישע ווילדע הינט וועגן אויסראָטן די יידן פון אייראָפּע זיינען מקוים געוואָרן — צום שוידער און שרעק פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. די מאַסן־שחיטות איבער די אַרמענער אין פאַריקן וועלט־קריג זיינען אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך מיט דער גרויזאַמער אויסראָטונג פון די יידן אין פוילן אין 1942.

סוף 1941 האָבן די נאַציס אָנגעהויבן דורכצופירן מיט קאַלטער בעסטיאַלישקייט זייער „פּראָגראַם" פון ליקווידירן די יידן. אָנגעהויבן האָבן זיי דעם דאָזיקן מאַסן־פּאָגראַם אין די אָנעקסירטע מערב־געביטן. נאָך אין מיטן 1940 האָט דער גובערנאַטאָר פון וואַרשעווער דיסטריקט, פישער, געהאַט דערקלערט: „מיר ווען דעם שטאָם (די יידן) פאַרניכטן. זיי וועלן פאַרשווינדן אַ דאַנק הונגער און נויט. דאָס פוילישע פאָלק וועט אונז דאַנקבאַר זיין, און פון דער יידן־פראַגע וועט בלייבן בלויז אַ בית־עולם". מיטן אויסבראָך פון דייטש־רוסישן קריג אין יוני 1941 האָט זיך באַדייטנד פאַרשאַרפט דער נאַצישער האַס קעגן יידן; די נאַציס האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז איבערגיין פון דער פריערדיקער „הומאַנער" פאָרם פון פאַרניכטונג דורך הונגער און נויט צו דער דירעקטער פיזישער פאַרניכטונג פון די יידן.

סוף 1941 האָבן זיך אָנגעהויבן די גאַז־עקזעקוציעס איבער גרויסע גרופּעס יידן, צוזאַמענגעטריבענע פון פאַרשידענע שטעט אין די מערב־געביטן (פון די קרייזן קאָנין, קאָלאָ און קוטנע, גרופּעס יידן פון לאָדזשער געגנט א"אַ). כעלמנאָ איז געוואָרן דער פאָרלויפער פון טרעבלינקאַ. אין די דאָרטיקע גאַז־קאַמערן האָבן פאַרלוירן זייער לעבן פיל טויזנטער יידן.

אין דער זעלבער צייט זיינען פאָרגעקומען גרויסע מאַסן־שחיטות

איבער יידן אין די אָקופּירטע מזרח־געביטן. אין וואָלין זיינען סוף 1941 פאָרגעקומען גרויזאַמע יידן־שחיטות. אין ראָוונע, וולאָדימיר־וואָלינסק, קאָוועל און אין פיל אַנדערע שטעט האָבן בעת די פּאָגראָמען פיל צענער טויזנטער יידן פאַרלוירן זייער לעבן. ענלעכע מאַסן־שחיטות זיינען פאָרגעקומען אין פּאָלעסיע (אין די קרייזן פון פּינסק, בריסק א״אַ).

אין לעצטן פערטל פון 1941 זיינען אויך פאָרגעקומען בלוטיקע פּאָגראָמען אין ווילנע, שאַוועל און אין פיל אַנדערע שטעט פון דער געוועזענער ליטע. אין אַ בריוו פון 19טן אָקטאָבער 1941, פאַרעפנטלעכט אין ביכל „מכתבים מן הגיטאות“*), שרייבט צ. (פירער פון דער חלוצישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „דרור“ אין וואַרשע): „כ׳האָב געשיקט אַ חברטע אין די ניי־אָקופּירטע רוסישע געביטן. זי שרייבט מיר פון דאָרט: מ—ק מיט 50 חברים געפינען זיך אין ווילנע. 40 חברים זיינען דאָ אין שאַוועל. זיי האָבן געליטן פון פיל אַרעסטן און מוראַדיקע פּאָגראָמען“.

בלוטיקע פּאָגראָמען זיינען אויך פאָרגעקומען אין לעצטן פערטל פון 1941 און אין ערשטן פערטל פון 1942 אין די קרייזן פון באַראַנאָוויטש, נאָוואָגרודעק, סלאָנים א״אַ שטעט און שטעטלעך אין די אָקופּירטע מזרח־געביטן.

אין די חדשים מערץ־אַפּריל 1942 גיסט זיך פונאַנדער אַ ברייטע פּאָגראָם־כוואַליע איבער מזרח־גאַליציע. לויט די ידיעות, וואָס עס האָבן דעמאָלט באַקומען פון פּוילן די יידישע פאָרשטייער אין פּוילישן נאַציאָנאַל־ראַט אין לאָנדאָן — שוואַרצבאַרד און זיגלבוים**), זיינען אומגעקומען אין לעמבערג 30,000 יידן, אין סטאַניסלאַוואָוו — 15,000, אין טאַרנאָפּאָל — 5,000, אין בזשעזשאַני — 4,000, אין זלאָטשעוו — 2,000 יידן. פּאָגראָמען זיינען אויך פאָרגעקומען אין צענדליקער אַנדערע שטעט. אין אַ רייע קלענערע פּונקטן איז געוואָרן אויסגעמאָרדעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג.

אין אַ בריוו פון אַן אַנגעזעענעם יידישן כלל־טוער אין מזרח־גאַליציע צו זיינעם אַ פריינד אין אַ נייטראַלער אייראָפּעאישער מדינה פרעגט אָן דער ערשטער זיין פריינד, צי ער האָט געלייענט דעם ראָמאַן פון פראַנץ ווערפעל „די 40 טעג פון מוזא דאג“... די לאַגע פון די יידן אין מזרח־גאַליציע — און גאַנץ שנעל אויך אין די אַנדערע טיילן

---

*) הוצאת „עם עובד“, תל־אביב, תש״ג.

**) פאַרעפנטלעכט אין לאָנדאָנער „דיילי טעלעגראַף“ פון 25טן יוני 1942.

פון פוילן — הייבט אָן ווערן ענלעך צו דער לאַגע פון די אומגליקלעכע אַרמענער, וואָס זיינען אין פּאַריקן וועלט־קריג געוואָרן אומ׳ברחמנות־דיק אויסגעראָטן דורך די טערקן.

אָבער דאָס איז קוים דער אָנהייב . . . דאָס מאָנסטערהאַפט־שרעק־לעכע דאַרף ערשט קומען.

אין די טעג פון 17טן ביזן 19טן אַפּריל 1942 איז פאָרגעקומען דער גירוש לובלין. די אַלטע יידישע היסטאָרישע קהילה איז געוואָרן פאַרניכטעט. די „ליקווידאַציע״ פון לובלין איז געווען אַ שרעקלעכער פאַרשפּיל צו דער שפּעטערדיקער טראַגעדיע פון וואַרשע. דער גרעסטער טייל פון די „עוואַקואירטע״ איז געוואָרן אַוועקגעפירט קיין סאָבי־באָר, וואו זיי זיינען געוואָרן אויסגעמאָרדעט מיט גאַז, מאַשין־געווער און אַפילו באַגנעטן. אין די מאַסן־עקזעקוציעס האָבן אויך אָנטייל־גענומען ליטווישע שאַוליסטן. דער געררוך פון די צעפוילטע קערפּער איז געווען אַזוי שרעקלעך, אַז אַלע איינוואוינער פון די שכנות׳דיקע שטעטלעך, און אַפילו פי און עופות, זיינען פון דאָרט אַנטלאָפן.

די „קראַקאָוער צייטונג״ פון 10טן יוני 1942 האָט געשריבן וועגן דאָזיקן שוידערלעכן פּאָגראָם אויף אַ ציניש־ליגנערישן אופן: „וואו אָבער זיינען אַהינגעקומען די דאָזיקע קולטור־טרעגער פון מזרח־אייראָפּע? (מיינענדיק די יידן פון לובלין — ל. ש.) לאָמיר זאָגן — זיי זיינען אַוועק אויף פרישער לופט. מיר מיינען עס ערנסט! זיי וואוינען פאַר די טויערן פון דער שטאָט, צוזאַמענגענומען אין אַ זייטיקן און פאַרהעלטניסמעסיק נאַטירלעך־אָפּגעשלאָסענעם ישוב. . . . די יידישע פּוסט־און־פּאַסטניקעס האָבן זיך אויסגעלערנט צו ווערן נוצלעכע מענטשן. זיי לעבן איצט בעיקר פון אַרבעט״.

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער וועט מען די זעלבע ראַפינירט־בלוטיקע שקרים אָנווענדן, כדי אַרויסצונאַרן פון וואַרשע די דאָרטיקע יידן.

בערך אין דער זעלביקער צייט זיינען פאָרגעקומען גירושים און מאַסן־שחיטות פון יידן אין אַ רייע שטעט פון לובלינער קרייז (הרוביע־שאָוו, זאַמאָשטש, בילגאָריי, אָפּאָלע, איזשביצע־לובעלסק, כעלם א״אַ).

אין מאַי 1942 זיינען פאָרגעקומען בלוטיקע פּאָגראָמען אין ווילנע. אַ באַריכט פון חלוצישע קרייזן פון אַ חבר, וועלכער האָט באַזוכט ווילנע גלייך נאָך די פּאָגראָמען, גיט איבער, אַז אין ווילנע זיינען נאָך די פּאָגראָמען געבליבן לעבן נאָר ביי 10,000 יידן. אויך אין ביאַליסטאָק זיינען דעמאָלט פאָרגעקומען מאַסן־שחיטות אויף יידן.

אויך פון פיל אַנדערע שטעט אין פאַרשידענע טיילן פוילן הייבן אָן אָנקומען שרעקלעכע ידיעות וועגן דעפּאָרטאַציעס און מאַסן־אויסראָטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג.

די בריוו פון די חלוצישע טוער פון יענער צייט דערציילן אין זייער פאַרשטעלטער שפּראַך וועגן די בלוטיקע געשעענישן. אין אַ בריוו פון וואַרשע, פון 5טן אַפּריל 1942, זאָגט זיך:

„עס איז זייער מעגלעך, אַז גיירושאָוויטש וועט איבערפאַרן קיין אַדאַמאָווסקע און עלעפאָווסקע וועט זיך אַריבערקלייבן צום הער קיליר־נאָוו. אונזער מומע אוילאַמסקע העלפט זיי אינגאַנצן ניט; אמת, איצט האָט זי ניט די זעלביקע מעגלעכקייטן ווי פריער, אָבער ווען זי וואָלט זיך מער אינטערעסירט, וואָלט מען געקענט פאַרמיידן די נסיעות אין אַזעלכע ערטער ווי אַדאַמאָווסקע און קיליונאָוו. דער הער פּאַכאַדסקי איז שטענדיק מיט אונז. הערינגמאַן, טעוואַכאָוויץ און גאַזיק שיקן איבער זייערע גרוסן".

דער מיין פון די אונטערגעשטראָכענע העברעאישע ווערטער איז טראַגיש־קלאָר. גיירושאָוויטש (גירוש — דעפּאָרטאַציע) ווערט איבערגעפירט אין דער אדמה און טויזנטער (אלף) ווערן פאַרניכטעט (כליון — פאַרניכטונג). עס ווערט געוואָרפן די באַשולדיקונג, אַז דאָס וועלט־יידנטום (מומע אוילאַמסקע — עולם) שווייגט און העלפט ניט. די יידישע מאַסן לעבן אין טויט־שרעק (פּאַכאַדסקי — פחד). עס שיקן איבער זייערע גרוסן הריגה, שחיטה און גיפט־גאַז...

אין אַ צווייטן בריוו פון וואַרשע פון 19טן אַפּריל ווערט דערציילט, אַז „שילטאָנסקי (שלטון — די נאַצי־מאַכט) זעט אויס גוט און האָט פּרנסה ברייוח. . . . מיין שוועסטער הריגה זעט אויס אַ סך ערגער ווי נחמנס שוועסטער אין נעמיראָוו" (די פּאָגראָמען קעגן יידן שטייגן איבער מיט זייער גרויזאַמקייט דעם באַרימטן קעשעניעווער פּאָגראָם, וועגן וועלכן חיים נחמן ביאַליק האָט אָנגעשריבן זיין פּאָעמע „משא נמירוב").

אין אַ בריוו פון 23טן אַפּריל פון וואַרשע דערציילט דער חלוצישער קאָרעספּאָנדענט וועגן די פּאָגראָמען אין גאַליציע. „דער הער פּראָאָטסקי (פּרעות — פּאָגראָמען) האָט דעם 31טן מערץ אָפּגעשטאַט אַ באַזוך ביי ק. און זיין משפּחה אין גאַליציע, ווי אויך ביי נאָך אַנדערע נאָענטע און באַקאַנטע, און ער צוזאַמען מיט הער קאָרבאַנאָווסקי (פון העברעאיש: קרבנות) האָבן זייער פיין פאַרבראַכט צוזאַמען".

„נוירא און פחד (אַנגסטן און שרעק) געפינען זיך ביי מיר. איך

דאַנק דיר פון טיפסטן האַרצן פאַר די גרויסן פון פעטער ערעץ (ארץ־ישראל) און איך ענטפער צוריק מיט די בעסטע וואונטשן".

אין אַ בריוו פון טשענסטאָכאָוו פון 5טן יוני 1942 גיט איבער פ. (פירערין פון „דרור"; שפּעטער געפאַלן ביי די קאַמפן אין בענדין) אַ גרוס פון דער משפחה אין ווילנע. זייער לאַגע איז גוט (דאָס מיינט: זייער ביטער). באַזונדערע גרוסן פון השמדה וגמורה (פולשטענדיקע פאַרניכטונג). זיי פילן זיך זייער גוט".

אין אַ בריוו פון וואַרשע פון מיטן מאַי 1942 *) ווערן איבערגעגעבן וויטערדיקע שוידערלעכע פאַקטן וועגן דער לאַגע אין די געטאָס: „די שטערבלעכקייט אין די געטאָס צוליב הונגער און עפּידעמיעס איז אַ שוידערהאַפטע. אין 1941 איז אין וואַרשע אויסגעשטאָרבן 10 פּראָצענט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג (45 טויזנט נפשות). די שטערבלעכקייט וואַקסט און זי האָט לעצטנס דערגרייכט 15 פּראָצענט. מענטשן ווערן געשוואָלן פון הונגער, טיפוס און שווינדזוכט. אַמערגסטן איז, וואָס קיינער אין די געטאָס איז ניט זיכער מיטן לעבן. אין אַ סך שטעט קומען פאַר פון צייט צו צייט מאַסן־דערשיסונגען פון יידן אָן אונטערשיד פון געשלעכט און עלטער און אָן וועלכע עס איז ניט סיבות. פאַר פאַרלאָזן דאָס באַשטימטע פאַר אים אָרט דראָט דעם יידן טויט־שטראָף, וואָס ווערט אויסגעפירט תיכף אויפן אָרט, אַפילו אָן אַ וועלכן ניט איז גערייכט. די לאַגערן פון צוואַנג־אַרבעט פאַרשלינגען טויזנטער קרבנות, און די, וואָס קומען צוריק נאָך איניקע מאָנאַטן אַהיים, זיינען קראַנקע, פאַרענדיקטע מענטשן"...

דער בריוו־שרייבער דערציילט דאָן וועגן די מאַסן־שחיטות אין ווילנע, וואָלין, פּאָלעסיע און מזרח־גאַליציע, און די מאַסן־עקזעקוציעס אין די גאַז־קאַמערן אין די מערבדיקע געביטן פון פּוילן, וואָס זיינען געוואָרן פאַראייניקט צו דייטשלאַנד. „לאָדזש איז איין גרויסער קאָנצענטראַציע־לאַגער, וואו יידן, הערמעטיש אָפּגעשניטן פון דער וועלט און פון דער רעשט פון דער שטאָט, שטאַרבן אויס אויף אַ שרעקלעכן אופן. סיסטעמאַטיש ווערן פון דאָרטן אַרויסגעפירט טויזנטער משפחות און יעדער שפּור פון ווערט פאַרלוירן. זיי ווערן פאַרסמט מיט גאַז".

די יידן פון וואַרשע האָבן געפילט, אַז עפּעס מוראדיק־שרעקלעכס שוועבט אין דער לופט. דער וויזיט פונם שעף פון דער געסטאַפּאָ, הימלער, אין פרילינג 1942 אין דער גענעראַל־גובערניע איז געווען אַ

*) „אונזער צייט", ניו־יאָרק, אָקטאָבער 1942.

קוואָל פון פיל נייע באַאומרואיקנדיקע קלאַנגען. פאַקטיש זיינען די מאַסן־שחיטות אויף יידן געווען, ווייזט אויס, זיין דירעקטער באַפעל. הימלערס הויפּט־אינסטרוקציעס צו דער נאַצי־אַדמיניסטראַציע בעת זיין באַזוך זאָלן האָבן געווען: א) די ליקווידאַציע פון די פּוילישע אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס; ב) די ליקווידירונג פון די געטאָס; ג) דאָס פאַרניכטן דעם אומלעגאַלן האַנדל; ד) דאָס צושטעלן אַ ווייטערדיקן מיליאָן אַרבעטער קיין דייטשלאַנד. *)

די „קראַקאָוער צייטונג" — אָפיציאָז פון דער נאַצי־אַדמיניסטראַציע פון דער גענעראַל־גובערניע — האָט קלאָר און אומצווייטייטיק דערקלערט, אַז „ס'איז דאָ אַ תיכּפדיקע דרינגלעכקייט אויסצורייניקן די גענעראַל־גובערניע און די שכנותדיקע טעריטאָריעס פון די יידן **). די וואַרשעווער יידן האָבן זיך אָבער ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז מ'זאָל אַרויסטרייבן און פאַרניכטן אַזאַ קאָמפּאַקטן ישוב פון איבער 400,000 יידן און זיך מיט זיי אַזוי באַגיין, ווי מ'איז זיך באַגאַנגען מיט די יידן פון די קלענערע שטעט. די נאַציס האָבן אויך געטאָן אַלץ, כדי וואָס לענגער אויפצוהאַלטן די דאָזיקע אילוזיעס מיט אַלע מיטלען.

## דאָס שרעקלעכסטע איז געקומען — חורבן וואַרשע ‡)

די נאַציס האָבן ניט געשפּאָרט קיין מיטלען, כדי איינצודרימלען די וואַכזאַמקייט פון די וואַרשעווער יידן, אַז „ניט זיי מיינט מען" מיט די דעפּאָרטאַציעס. זיי האָבן געלאָזן אין גאַנג פאַבריצירטע בריוו פון די דעפּאָרטירטע יידן פון די קלענערע שטעט, וואָס געפינען זיך מכלומרשט אויף אַרבעט אין בעסאַראַביע, אוקראַינע א״אַ טעריטאָריעס, אַז עס גייט זיי פאַרהעלטניסמעסיק ניט שלעכט; גלייכצייטיק האָט מען אין וואַרשע דערלויבט דער קהילה צו עפענען נייע שולן פאַר די יידישע קינדער און נייע פאַך־קורסן פאַר דער יידישער יוגנט; מ'האָט געעפנט אַ רייע נייע קינדער־גערטנער א״אַ. די נאַצי־פּרעסע האָט דאָ און דאָרט געלאָזט פאַלן אַ וואַרעם וואָרט וועגן דער טעטיקייט פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס, וועגן די הויכע קוואַליפיקאַציעס פון די יידישע פאַכלייט אין וואַרשע, וואָס שטעלן מיט זיך פאַר גאָר אַן אַנדער

*) „פּאָליש פאָרטנאַיטלי ריוויו", לאָנדאָן, פון 1טן יולי 1942.

**) לויטן לאָנדאָנער „סיטי ענד איסט לאָנדאָן אָבזערווער" פון 10טן יולי 1942.

‡) די אינפאָרמאַציעס פאַר דעם קאַפּיטל וועגן חורבן וואַרשע שטאַמען בעיקר פון באַריכטן פון דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג.

טיפ ייד. מ׳האָט שוין מער ניט אָרגאַניזירט קיין מאַסן־געיעגן אויף מענטשן צו שלעפּן זיי אויף אַרבעט. ביי די יידן האָט באַקומען אַ באַזונדער אָנזען די רעגיסטראַציע־קאַרטע מיטן סטעמפּל פון אַרבעטס־דעפּאַרטמענט פון דער יידישער קהילה, וואָס האָט געגעבן „זיכערקייט" איר אייגנטימער. די נאַציס האָבן אויך פאַרלענגערט די פּאָליציי־שעה פון 9 ביז 10 אין אָוונט.

די דאָזיקע „אידיליע" האָט אָנגעהאַלטן ביז סוף יוני 1942. אין דער לופטן האָבן זיך דעמאָלט אָנגעהויבן אַרומטראָגן באַאומרואיקנדיקע קלאַנגען. די געטאָ־מויערן האָבן אָנגעהויבן ווערן שטאַרקער באַוואַכט; מ׳האָט באַדייטנדיק פאַרקלענערט די צאָל דערלויבענישן אויף אַריינגיין און אַרויסגיין פון דער געטאָ. קיין וואַרשע האָט מען געבראַכט ספּעציעלע אָפּטיילונגען פון באַוואָפנטע אוקראַינער, וואָס זיינען שפּעטער (אין אויגוסט) געוואָרן אומגעביטן אויף ליטווינער און לעטן. די לעצטע האָבן געשאַפן אַ מענטשן־קייט אַרום געטאָ (איין וואַכמאַן אויף יעדע 50 מעטער). מ׳האָט אָנגעהויבן הערן יעדן אָוונט פאַרדעכטיקע שיסערייען ביי די געטאָ־מויערן. אַ באַזונדער שרעק האָט אָנגעוואָרפן די ידיעה, אַז אויף דער אָנלאָד־סטאַנציע ביים טראַנספּאָרטאַמט (אויף סטאַווקי גאַס) האָט זיך באַוויזן אַ געהיימניספולער באַנצוג מיט 60 פּי־וואַגאָנען.

פרייטיק, דעם 17טן יולי, האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעגיסטראַציע פון אויסלענדישע יידן; זיי זיינען געוואָרן אינטערנירט אין דער פּאַוויאַק־טורמע. די פּאַניק האָט אַרומגעכאַפּט אַלץ ברייטערע קרייזן. די מענטשן האָבן זיך געשושקעט אין אויער, אַז אַלע קינדער, עלטער פון 10 יאָר און אַלטע לייט וועלן ווערן אויסגעהרגעט און די איבעריקע וועלן ווערן דעפּאָרטירט. דעמאָלט האָבן נאָך די וואַרשעווער יידן באמת געגלייבט, אַז דעפּאָרטאַציע מיינט איבערפירן צו אַרבעט אין די אָקופּירטע מזרח־געביטן פון אוקראַינע און רוסלאַנד. שבת, דעם 18טן יולי, האָט דער פּרעזידענט פון דער קהילה, טשערניאַקאָוו, דערקלערט דער יידישער מיליץ און די קהילה־באַאַמטע, אַז די נאַציס לייקענען קאַטעגאָריש אַלע קלאַנגען וועגן אַ פאַרשטייענדיקער דעפּאָרטאַציע. זונטיק, דעם 19טן יולי, איז דערשינען אַן אָפיציעלע דערקלערונג פון דער דייטשער מאַכט, וואָס לייקנט אָפּ די אַלע קלאַנגען און דראָט מיט טויט־שטראָף פאַרן וייטערדיקן פאַרשפּרייטן אַזעלכע קלאַנגען. מאָנטיק, דעם 20טן יולי, האָט טשערניאַקאָוו באַזוכט דעם קאָמיסאַר פון דער געטאָ, אַדוו. אַוסערוואַלד און פון אים געוואָלט אַרויס־

קריגן אַ קלאָרע דערקלערונג וועגן די אַבזיכטן פון דער נאַצי־מאַכט. יענער האָט ווידער אַמאָל קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט די אַלע „בייזוויליקע" קלאַנגען.

אָבער דינסטיק, דעם 21טן, האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שרעקלעך־דערוואַרטעטע — עס זיינען געוואָרן אַרעסטירט 60 יידישע ערובניקעס, ס'רוב פון די קרייזן פון דער אינטעליגענץ, צווישן זיי פיל פּרנסים פון דער קהילה. פיל מענטשן זיינען געוואָרן דערשאָסן אין די גאַסן, וואָס זיינען געוואָרן אָפּגעליידיקט פון די אין שרעק פאַרצאַפּלטע יידן.

מיטוואָך, דעם 22טן יולי, איז די געטאָ געוואָרן פולשטענדיק אָפּ־געשלאָסן און אַלע דורכפאַר־דערלויבענישן זיינען געוואָרן אַנולירט. דעם זעלביקן טאָג איז דער געסטאַפּאָ־שעף הימלער דורכגעפאָרן וואַר־שע אויף זיין אינספּעקציע־רייזע. די יידן האָבן געקוקט דערויף ווי אויף אַ באַזוך פון מלאך־המות. אין זעלביקן טאָג האָט זיך באַוויזן אויף די גאַסן פון דער געטאָ די פאַראָרדענונג פון דער קהילה, דיקטירט פון דער נאַצי־מאַכט, אַז די יידישע באַפעלקערונג וועט ווערן עוואַקואירט מיטן אויסנאַם פון יענע, וואָס אַרבעטן אין דייטשע אונ־טערנעמונגען, די אָנגעשטעלטע פון דער קהילה, שפּיטעלער און ענלע־כע אינסטיטוציעס, די יידישע פּאָליציי און די פּאַציענטן פון די שפּי־טעלער, וואָס וועלן זיך דאָרט געפינען אין ערשטן טאָג פון דער דע־פּאָרטאַציע און וועלן באַווייזן אַ צייגעניש פון אַ דאָקטאָר, באַשטעטיקט דורך דער יידישער קהילה. די פאַראָרדענונג האָט אויך אַנטהאַלטן אַ פּונקט, אַז יידן, וואָס זיינען פעאיק צו אַרבעט און זיינען נאָך ניט אַנגאַ־זשירט אין אַרבעטס־אונטערנעמונגען, וועלן ווערן איזאָלירט אין דער געטאָ און וועלן ניט ווערן דעפּאָרטירט.

די דעפּאָרטאַציע האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן טאַקע דעם זעלביקן טאָג — דעם 22טן. אין דער קהילה־פאַראָרדענונג, דיקטירט פון די נאַציס, איז געוואָרן אָנגעזאָגט טויט־שטראָף דורך שיסן פאַר יעדן קלענסטן פּרוואו פון ווידערשטאַנד אָדער סאַבאָטאַזש. גלייכצייטיק איז געוואָרן אָפּגעשטעלט דער צופיר פון שפּייז אין דער געטאָ. עס זיינען געוואָרן אָפּגעשלאָסן גאַנצע הייזער און גאַסן און פון דאָרט איז געוואָרן אַרויסגעשלעפּט די גאַנצע באַפעלקערונג, אויסער די, וועמענס אַרבעטס־צייגענישן עס זיינען געוואָרן אָנערקענט. דערביי האָבן זיך אָפּגעשפּילט שוידערלעך־ברוטאַלע גיהנום־סצענעס.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרטירער־וועג פון יידישן וואַרשע. אין ערשטן טאָג פון דער מאַסן־דעפּאָרטאַציע האָט מען אַריינגע־

יאָגט אין די 60 פּי־וואַגאָנען, וועלכע די יידן האָב ערשט שפּעטער — שוין וויסנדיק וואוהין זיי גייען — אַ נאָמען געגעבן די „טויט־וואַגאָנען", 6,250 יידן. 22 האָט מען אָנערקענט פאַר „ניט־פּאַסיק" צו אַרבעט און מ'האָט זיי אָוועקגעפירט אויף יידישן בית־עולם אויף גענשע גאַס און גלייך דערשאָסן. די נאַציס האָבן ווייטער קאַטעגאָריש דער־קלערט, זיך שווערנדיק ביי זייער אָפיצירן־ערע, אַז די איבעריקע „אַרבעטס־פעאיקע" ווערן אָפּגעשיקט אין אַרבעטס־לאַגערן. דעם 24טן יולי האָט די קהילה ווידער אַרויסגעגעבן אַ דערקלערונג, דיק־טירט דורך דייטשע באַגנעטן, אַז זי איז באַפולמעכטיקט צו דערקלערן אין נאָמען פון דער נאַצי־מאַכט, אַז די „איבערזידלונג" פון דער באַפעל־קערונג, וואָס האָט ניט קיין באַשעפטיקונג אין געטאָ, גייט ווירקלעך אין די אָקופּירטע מזרח־געביטן. די יידן ווערן גערופן זיך פרייוויליק צו מעלדן אויפן זאַמל־פּלאַץ אויף סטאַווקע און זיך ניט אויסצובאַהאַלטן; דערפאַר וועלן די פאַמיליעס פון די „פרייוויליקע" ניט ווערן צעשיידט. דעם 29טן יולי איז דערשינען אַ מעלדונג פון שעף פון דער יידישער פּאָליציי, אַז יעדער, וואָס וועט זיך מעלדן פרייוויליק פון 29טן ביזן 31טן יולי, וועט באַקומען 3 קילאָגראַם ברויט און 1 קילאָגראַם מאַר־מעלאַד...

פאַקטיש האָבן אָבער די נאַציס אָפּגעשיקט אין אַרבעטס־לאַגערן קוים 2 פּראָצענט פון אַלע דעפּאָרטירטע יידן אין חודש יולי. אויפן גרונט פון גענויע ציפערן, פאַרעפנטלעכט פון דייטשע קוועלן, וואָס גיבן וויט ניט דעם גאַנצן אמת, זיינען אין די 10 טעג פון 22טן יולי ביזן 31טן יולי געוואָרן דעפּאָרטירט 66,701 יידן. פון זיי זיינען 383 גע־וואָרן אָנערקענט אַלס „אומפּאַסיק" (און זיינען געוואָרן דערשאָסן); 1,612 זיינען געוואָרן אָפּגעשיקט אין אַרבעטס־לאַגערן און 64,706 זיי־נען געוואָרן „דעפּאָרטירט". דעם ערשטן טאָג, דעם 22טן יולי, זיינען קוים 17 פּערזאָן געוואָרן אָפּגעשיקט צו אַרבעט. פרייטיק, דעם 24טן יולי, האָט מען פון 7,444 דעפּאָרטירטע יידן קיין איינעם ניט אָפּגעקליבן אַלס פעאיק אויף אַרבעט. קען זיין, אַז דאָס האָט די דייטשן אַריינגע־בראַכט אין אַזאַ גרימצאָרן דער דעמאָנסטראַטיווער זעלבסטמאָרד פון קהילה־פּרעזעס, אינזשיניער טשערניאַקאָוו.

טשערניאַקאָוו האָט, זעט אויס, טאַקע געמיינט די ערשטע טעג, אַז די דעפּאָרטאַציע מיינט ניט די מאַסן־אויסשלאַכטונג פון די וואַרשע־ווער יידן. אָבער ביסלעכווייז איז אויך פאַר אים געוואָרן קלאָר דער אמת'ער זין פון די דעפּאָרטאַציעס. דעם 24טן אינדערפרי האָט ער

נאָך אָנטיילגענומען אין אַ פייערלעכן קינדער־יום־טוב לכבוד דער דערעפענונג פון קינדערגאָרטן־סעזאָן. די קינדער — אַלע אין בלויע בלוזעס — זיינען געזעסן אַרום די טישן. טשערניאַקאָוו האָט נאָר אַרויסגעזאָגט די ערשטע ווערטער: „שלום צו איך, קינדער" — און אָוועקגעפאַלן אין חלשות. אין אָוונט איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. דער דירעקטער שטויס צו זיין פאַרצווייפלונגס־אַקט זאָל האָבן געווען דער פאַרלאַנג פון די נאַציס, ער זאָל אַרויסגעבן צו דעפּאָרטאַציע אַלע קינדער פון די יתומים־אַנשטאַלטן און קינדער־היימען. זיין פרוי האָט געדאַרפט זיין דער ערובניק און ווערן דערשאָסן אין פאַל, ווען די קינדער זאָלן ניט ווערן אַרויסגעגעבן. טשערניאַקאָווס אַקט איז געווען דער ערשטער רוף צו אַקטיוון ווידערשטאַנד. די יידישע פאָלקס־מאַסע איז אָבער געווען טעראָריזירט און גלייכצייטיק איינגעוויגט אין גלויבן, אַז ס'איז דאָך אוממעגלעך, מ'זאָל פיזיש פאַרניכטן אַזאַ קאָמפּאַקטן יידישן צענטער, און זי האָט נאָך דעמאָלט אָפּגעוואָרפן אַלס פאַנטאַסטיש יעדן געדאַנק וועגן אַן אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד.

בעת די מאַסן־אָבלאַוועס זיינען פיל יידן געוואָרן דערשאָסן אין די גאַסן און אין זייערע הייזער. ס'האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויף טריט און שריט גרויליקע סצענעס. פון 22טן ביזן 31טן יולי זיינען געשטאָרבן אין וואַרשע 1,620 יידן, דערונטער 498, וואָס זיינען געוואָרן דערשאָסן צום טויט. דאָס מאַכט אויס 30.7%.

אין אויגוסט־חודש האָבן די דעפּאָרטאַציעס אָנגענומען נאָך שרעקלעכערע פאָרמען. די גרעסטע צאָל דעפּאָרטאַציעס איז פאָרגעקומען דעם 6טן און 7טן אויגוסט (דעם 6טן — 11,454 פּערזאָן, דערפון 1,369 אין אַרבעטס־לאַגערן און די איבעריקע אין די שחיטה־קאַמערן; דעם 7טן — 10,826, דערפון נאָר 154 אין אַרבעטס־לאַגערן). *) אין מיטן אויגוסט (בערך דעם 12טן—20טן אויגוסט) האָט דער מלאך־המות אַ ביסל וויניקער געווילדעוועט אין וואַרשעווער געטאָ. די נאַצישע מאָרד־גרופּעס האָבן זיך דאַן אַרויסגעלאָזט אין דער וואַרשע־ווער אומגעגנט. די ערשטע קרבנות זיינען געווען: אָטוואָצק, פאַלע־ניץ, שווידער, רעמבערטאָוו, קאָבילקאַ א"אַ. כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין די געדיכט־באַוואוינטע יידישע געטאָס אין די אויס־גערעכנטע שטעטלעך איז געוואָרן דעפּאָרטירט און דערמאָרדעט.

---

*) די דאָזיקע ציפערן קומען פון דייטשע קוועלן; מען דאַרף זיי דערפאַר שטענדיק אָננעמען אַלס מינימאַלע.

סך־הכל זיינען אין אויגוסט געוואָרן דעפּאָרטירט פון וואַרשע (לויט דייטשע ציפערן) 142,525 יידן; פון זיי זיינען 7,403 געוואָרן אָוועקגעשיקט אין אַרבעטס־לאַגערן, ד״ה קוים 5.2%.

אין אויגוסט האָט זיך אויך געוואַלדיק פאַרשטאַרקט דער טעראָר איבער דער יידישער באַפעלקערונג, וועמענס באַגלייט־דערשיינונג עס זיינען געווען שיסערייען אין די גאַסן און אַ כסדרדיקע שטייגערונג פון דער צאָל זעלבסטמערדער. פון 1טן ביזן 31טן אויגוסט זיינען גע־שטאָרבן אין וואַרשע 4,597 יידן, דערפון זיינען נאָר 2,137 גע־שטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט. די צאָל דערשאָסענע האָט דער־גרייכט די שרעקלעכע ציפער פון 2,305. 51% טויט־פאַלן אין אויגוסט זיינען געקומען פון דערשיסונגען. 45.6% זיינען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט און 3.4% (155 פּערזאָן) זיינען באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד. דורכשניטלעך זיינען יעדן טאָג איבער 74 יידן (74.3) געוואָרן דערשאָסן אין די גאַסן פון די נאַצי־מערדער. אין די מערסטע פאַלן האָט מען געשאָסן אויף „בלינד״, אָן יעדער וואָרענונג.

דער אויסראָטונגס־פּראָצעס פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וואַרשע האָט די נאַציס נאָך אַלץ אויסגעקוקט צו זיין צו לאַנגזאַם — עס זיינען נאָך געבליבן צענער טויזנטער יידן, וואָס האָבן געהאַט ריכטיקע אָדער פיקטיווע אַרבעטס־שיינען, זיי און זייערע משפחות זיינען ביז איצט כמעט געווען געשוינט פון דעפּאָרטאַציע. די נאַציס האָבן אָנהייב סעפּטעמבער באַשלאָסן צוצואיילן די אויסראָטונג פון דער יידישער באַפעלקערונג, און דעם 6טן סעפּטעמבער האָבן זיי געצוואונגען די קהילה־פאַרוואַלטונג אַרויסצוגעבן אַ פאַראָרדענונג דורכצופירן אַ נייע „רעגיסטראַציע״ פון דער יידישער באַפעלקערונג. גלייכצייטיק איז באַדייטנד פאַרשמעלערט געוואָרן דער שטח פון דער געטאָ. אַלע יידן האָבן זיך געדאַרפט פאַרזאַמלען זונטיק, דעם 6טן סעפּטעמבער, אויפן שטח פון די גאַסן: סמאָטשע, גענשע, זאַמענהאָף, שטשענשליווע און פאַריסאָווסקע פּאַרק. די יידן האָבן געדאַרפט מיטנעמען מיט זיך שפּייז־פּראָדוקטן אויף 2 טעג. די פריערדיקע וואוין־הייזער האָבן ניט געטאָרט פאַרשלאָסן ווערן.

די דאָזיקע דראַקאָנישע פאַראָרדענונג איז דערשינען אויף די ווענט פון דער געטאָ שבת, דעם 5טן סעפּטעמבער, בייטאָג און זונטיק 10 פרי האָבן אַלע יידן זיך געמוזט געפינען אין די גרענעצן פון דער נייער געטאָ. דערפאַר האָט מען פאַר יידן געמאַכט אַ „הנחה״: זיי האָבן זיך

געמעגט אַריבערציען אין דער נייער געטאָ־גרענעץ אויך אין דער נאַכט פון 5טן אויפן 6טן סעפּטעמבער.

די „רעגיסטראַציע" האָט געהאַט אַ טאָפּלטן ציל: מיט אַמאָל דורכצופירן אַ מאַסן־דעפּאָרטאַציע פון די לעצטע וואַרשעווער יידן, פאַרקלענערן ביזן קלענסטן מינימום די צאָל יידן, וואָס וועלן בלייבן לעבן דורכן לאָזן זיי ווייטער אַרבעטן אין די דייטשע פאַבריקן און דע־פּאָרטירן אַ גרויסן טייל פון זייערע משפחה־מיטגלידער, וואָס זיינען איבעריקע עסער. גלייכצייטיק איז עס געווען אַ גאָלדענע געלעגנהייט צו באַראַבעווען די יידן פון די לעצטע רעשטלעך פון זייער פאַרמעגן.

די טעג צווישן 6טן און 12טן סעפּטעמבער זיינען געווען שוידער־לעכע טעג. די שרעקן פון דאַנטעס גיהנום זיינען געווען אַ קינדער־שפּיל אין פאַרגלייך מיט דער שרעק און דעם טעראָר, וואָס די דייטשן האָבן אָנגעווענדט קעגן די יידישע מאַסן, ענג צונויפגעפּראַפּט אין די גאַסן, וואַרטנדיק אויף זייער רעגיסטראַציע. די נאַצי־מערדער און זייערע אַרויסהעלפער — די ליטווינער און לעטן — האָבן געשאָסן אויף רעכטס און לינקס ביי יעדן מינדסטן אויסרייד. אין לויף פון די דאָזיקע 7 טעג פון מוראדיקן טעראָר זיינען געוואָרן דערשאָסן 2,648 יידן. אין די 7 טעג זיינען סך־הכל געשטאָרבן 3,047 יידן. דער פּראָצענט פון טויט־פאַלן דורך דערשיסונגען איז 86.9! פון זעלבסט־מאָרדן זיינען געשטאָרבן 60 פּערזאָן — 2.0%. פון נאַטירלעכע סיבות זיינען געשטאָרבן 339, דאָס מיינט קוים 11.1% (הגם ס'איז ניט שווער זיך אָנצושטויסן, אַז די מערהייט פון די דאָזיקע נאַטירלעכע טויט־פאַלן זיינען אויך געקומען אין רעזולטאַט פון די גיהנום־באַדינגונגען, וואָס האָבן דעמאָלט געהערשט אין געטאָ). דורכשניטלעך זיינען יעדן טאָג דערשאָסן געוואָרן 378 מאַן (גענוי: 378.3).

אין דער „שוואַרצער וואָך" האָבן די נאַציס דעפּאָרטירט אין שחיטה־הויז פון טרעבלינקאַ קרוב 46,000 יידן. דער מוראדיקסטער טאָג איז געווען דינסטיק, דעם 8טן סעפּטעמבער, ווען ס'זיינען פאַר־שיקט געוואָרן קיין טרעבלינקאַ 13,596 יידן. קיין איין ייד האָט זיך אין דער דאָזיקער „שוואַרצער וואָך" ניט אָפּגעראַטעוועט. די פאַר־ניכטונג איז געווען אַ טאָטאַלע. ערשט שבת, דעם 12טן סעפּטעמבער, האָט מען ווידער אָנגעהויבן שיקן אַ צאָל יידן אין די אַרבעטס־לאַגערן.

די גרעסטע שנאה האָבן די מערדער אַרויסגעוויזן צו די פרויען און קינדער, באַטראַכטנדיק זיי אַלס „אומפּראָדוקטיווע עלעמענטן".

ס'האָבן זיך אָפּגעשפּילט מוראדיקע טראַגעדיעס. פיל פאַטערס, ווע־מען ס'האָט „אָפּגעגליקט" צו בלייבן ווייטער ביי זייערע אַרבעטס־פּלעצער אין די דייטשע פאַבריקן, האָבן פאַרלוירן אַלע זייערע נאָענט־סטע און זיינען פון גרויס פאַרצווייפלונג באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

די נאַציס האָבן אויך דעפּאָרטירט אַלע יידישע אַנשטאַלטן און אינסטיטוציעס. יאַנוש קאָרטשאַק, ווען די נאַציס האָבן געלאָזט לעבן, איז מיט צוויי קינדער אויף די אָרעמס מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ אַריין אין טויטן־וואַגאָן. דעם 12טן סעפּטעמבער האָט מען אויך דורכגעפירט אַן איבערפאַל אויפן יידישן שפּיטאָל און דעפּאָר־טירט אַלע פּאַציענטן, קראַנקן־שוועסטער און דאָקטוירים. ס'זיינען אויך געוואָרן דעפּאָרטירט פיל אָנגעשטעלטע פון דער קהילה און מיט־גלידער פון דער יידישער פּאָליציי. אין דער „שוואַרצער וואָך" זיינען געוואָרן אומגעבראַכט פיל באַקאַנטע שרייבער, אַרטיסטן, געלערנטע און כלל־טוער.

די מאַסן־דעפּאָרטאַציע האָט אָנגעהאַלטן ביז יום־כיפור, דעם 21טן סעפּטעמבער 1942. אין יום־כיפור זיינען נאָך געוואָרן דעפּאָר־טירט 2,196 יידן. די טעג צווישן 12טן און 21טן סעפּטעמבער זיינען אָבער געווען פאַרהעלטניסמעסיק „רואיקערע" אין פאַרגלייך מיט די טעג פון 6טן ביזן 12טן. פון 1טן ביזן 15טן סעפּטעמבער זיינען טעג־לעך געוואָרן דערשאָסן 198.5 פּערזאָן, פון 16טן ביזן 30טן סעפּטעמ־בער „נאָר" 12 פּערזאָן אַ טאָג. דער 27טער סעפּטעמבער איז געווען דער לעצטער טאָג פון דער מאַסן־איבערוואַנדערונג פון די יידן. די נייע פיל־פאַרקלענערטע געטאָ אין צפון־טייל פון דער שטאָט, לענג־אויס די גאַסן: סמאָטשע, גענשע, פראַנציסקאַנער, באָניפראַטן, מוראַנאָווסקע, פאָקאָרנע, סטאַווקי, דזשיקע, שטשענשליווע און פאַריסאָווער פּאַרק איז געוואָרן ענדגילטיק אָפּגעשלאָסן און אַרום אירע גרענעצן האָבן די יידן געדאַרפט אויפבויען ווענט פון אַנדערטהאַלבן מעטער די הויך, וואָס האָבן שפּעטער געדאַרפט ווערן ווייטער אויפגעהויבן ביז 3 מעטער. די דייטשן האָבן דעם שטח אַ נאָמען געגעבן די „גרויסע געטאָ". אויסערדעם זיינען עטלעכע טויזנט יידן געבליבן וואוינען אין דער „קליינער געטאָ" אין דער געגנט פון טוואַרדע־זשעלאַזנע. די „קליינע געטאָ" איז געווען אַבסאָלוט אָפּגעשלאָסן פון דער „גרויסער געטאָ".

די דאָזיקע אַלע פאַרזיכטס־מיטלען, כדי צו דערשטיקן אין וואָרצל

יעדן פרואוו פון די געבליבענע יונגע, פיזיש־קרעפטיקע יידן צו שטעלן א ווידערשטאַנד נייע דעפאָרטאַציע־פּרואוון, זיינען נאָך אַלץ געווען ווייניק פאַר די נאַציס — האָבן זיי געשאַפן הייזער־בלאָקן אינערהאַלב דעם „גרויסן געטאָ", וואו ס'האָבן געוואוינט די יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט אין די דייטשע פאַבריקן, וועלכע האָבן זיך געפונען בשכנות פון די וואוין־הייזער. די לעצטע זיינען געווען אָפּגעטיילט פון דער אויסערלעכער וועלט דורך אַ הילצערנער פאַרצוימונג אָדער אַ געמויערטער וואַנט. די אַריינגאַנגס־טיר איז געווען די איינציקע פאַרבינדונג פון די הייזער־בלאָקן מיט דער אויסערלעכער וועלט. די ווערקשוץ, וואָס איז באַשטאַנען פון געוועזענע יידישע פּאָליציאַנטן, האָט געהאַלטן אַ שטרענגע קאָנטראָל אויף די הייזער־בלאָקן און די פאַבריקן.

נאַטירלעך, האָבן די אַלע אָנגענומענע פאַרזיכטס־מיטלען באַדייטנד געשטערט דער טעטיקייט פון די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס ,וואָס האָט זיך צו יענער צייט שוין אָנגעהויבן אַלץ שטאַרקער צו פילן.

לויט די דייטשע ציפערן זיינען אין די 2 חדשים (22טן יולי—21טן סעפּטעמבער) „דעפּאָרטירט" געוואָרן 254,374 יידן, און נאָר 11,580 זיינען געוואָרן געשיקט אין די אַרבעטס־לאַגערן. צום 1טן סעפּטעמבער האָבן די נאַציס געדרוקט שפּייז־קאַרטן פאַר סעפּטעמבער פאַר 120,000 יידן. אָבער שוין דעמאָלט האָבן זיי מיט גזלניש־וויסנשאַפטלעכער פּינקטלעכקייט געלאָזט דרוקן פאַר אָקטאָבער נאָר 40,000 שפּייז־קאַרטן, אויסרעכענענדיק געניי, אַז נאָר אַזאַ צאָל יידן וועט בלייבן לעבן אין אָקטאָבער.

מ'דאַרף רעכענען, אַז אין וואַרשע האָבן זיך געפונען פאַר דעם 22טן יולי איבער 400,000 יידן. (די פּוילישע אונטערערדישע באַריכטן באַהויפּטן, אַז די אָנגענומענע ציפער פון איבער 500 ,000 יידן פאַר דעם געשילדערטן צייט־פּעריאָד שטאַמט דערפון, וואָס די וואַרשעווער קהילה האָט ספּעציעל אָנגעגעבן אַ גרעסערע צאָל יידן, כדי צו באַקומען מער שפּייז דורך די איבעריקע שפּייז־קאַרטן). פון דער גרויזאַמער מאַסן־שחיטה אין קאַלטן בלוט האָבן זיך געראַטעוועט קוים 40,000 יידן. די נאַצישע אָנגעגעבענע ציפערן פון דער צאָל דעפּאָרטירטע יידן זיינען ליגנערישע.

# די ערשטע שריט פון אָרגאַניזירטן ווידערשטאַנד

דער ווידערשטאַנד פון די יידן קעגן די נאַציס האָט זיך אָנגע־הויבן פיל פריער ווי אין אַפּריל 1943. פיל יידן זיינען געווען טעטיק אין דער אונטערערדישער באַוועגונג און געקעמפט אין פאַרשידענע פּאַרטיזאַנען־גרופּעס. אין אַ רשימה, וואָס די געסטאַפּאָ האָט פאַר־עפנטלעכט סוף 1941 מיט 20,000 נעמען פון מענטשן, וואָס ווערן אַרומגעזוכט פאַר דורכפירן סאַבאָטאַזש־אַקטן און ענלעכע פאַר־ברעכנס קעגן נאַצי־רעזשים, האָבן זיך געפונען 2,000 נעמען פון יידן. *). די פּוילישע אונטערערדישע פּרעסע, ווי די דייטשע צייטונגען האָבן פאַרעפנטלעכט פיל פאַקטן וועגן העלדישע איבערפאַלן פון יידישע פּאַרטיזאַנען אויף דייטשע מיליטער־אָביעקטן, אייזנבאַנען אאַ״וו און טעראָר־אַקטן קעגן נאַצי־באַאַמטע. אין דער צייטשריפט „די דויטשע פּאָליציי״ איז דערשינען אַן אַרטיקל פון ערנסט שטרעקנבאַכער, לייטער פון דער נאַצישער קרימינאַל־פּאָליציי (אין מיטן 1941), וואָס דערציילט וועגן דער געמיינזאַמער אַנטי־נאַצישער טעטיקייט, וואָס עס פירן אָן די פּוילישע און יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. די „קראַקאַוער צייטונג״, דער רעגירונגס־אָפּיציאָז, האָט זיך געקלאָגט בערך אין דער זעלבער צייט, אַז די קראָקעווער יידן האָבן געשאַפן אין געטאָ אַ געהיימען רעוואָלט־צענטער קעגן נאַציזם. זיי העלפן די פּוי־לישע פּאַרטיזאַנען; פירן דורך אַנטי־נאַצי־פאַרשטעלונגען; גיבן אַרויס אומלעגאַלע בלעטלעך אאַ״וו. אַלע יידישע אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן באַצייטנס איינגעשטעלט אומלעגאַלע אַפּאַראַטן, וואָס האָבן באַדינט די אונטערערדישע טעטיקייט. עס זיינען דערשינען אַ רייע אומלע־גאַלע צייטונגען און אויפרופן, און אַפילו ביכער און בראָשורן. די חלוצישע און אַרבעטער־יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן אויך אַנטוויקלט אַ ברייטע אומלעגאַלע קולטור־טעטיקייט. ס׳האָבן עקזיסטירט אומלע־גאַלע קרייזן און קורסן. אַ געוויסע צייט איז אַפילו געווען טעטיק אין וואַרשעווער געטאָ אַן אומלעגאַלע מיטל־שול, וואָס האָט אַרויסגע־געבן צייגענישן די געענדיקטע תלמידים. איינע פון די בראָשורן, אַרויסגעגעבן דורכן „החלוץ״, האָט געטראָגן דעם נאָמען „פּיין און גבורה אין ליכט פון דער יידישער געשיכטע״ — אַ נאָמען, וואָס פּאַסט זידוואונדערבאַר פאַר דער גאַנצער מגילה פון ליידן און העראָאיזם,

---

*) זע מיין בוך „די יידן אין נאַצי־פּוילן״, ניו־יאָרק 1942, קאַפּיטל „דאָס אונטערערדישע פּוילן״.

וואָס האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט אונטער די געטאָ־ווענט פאַר די אויגן פון דער דערשטוינטער וועלט.

די אונטערערדישע אַרבעט פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס האָט אָבער אָנגעטראָפן אויף אומגעהייערע שוועריקייטן, וואָס זיינען געווען אומפאַרגלייכלעך־גרעסער ווי די זעלביקע טעטיקייט פון דער פּויליש־ער אונטערערד. „די באַדינגונגען פון דער אונטערערדישער אַרבעט זיינען די גאַנצע צייט אומבאַשרייבלעך שווערע" — דערציילט אַ שליח פון אונטערערדישן „בונד" אין אָנהייב 1943. *) — קיין שום פאַרגלייך מיט אַמאָל קאָן ניט געמאַכט ווערן. די פאַרלוסטן — אומגעהייערע. נאָכן פאַרנעמען די געביטן, וואָס זיינען געווען פאַרנומען פריער פון די באָלשעוויקעס, איז די „געסטאַפּאָ" גלייך צוגעטרעטן צו ליקווידירן קודם־כל אַלע אונזערע טוער און אָנטיילנעמער פון דער באַוועגונג, ווי בכלל יידן, וואָס זיינען געווען באַקאַנט אַלס געזעלשאַפטלעך־טעטיקע. דערביי האָבן אונזערע טוער זיך אויך געמוזט אויסבאַהאַלטן מיט זייער אָנטייל אין דער אונטערערדישער באַוועגונג פאַר פּאָליאַקן — דורכ־שניטלעכע, ווייל מען האָט קיינמאָל ניט געקאָנט וויסן, אויף וועמען מען טרעפט און ווי ער וועט רעאַגירן.

„מיר טוען דעם מאַקסימום פון דעם, וואָס מיר קענען אין די באַ־דינגונגען. דער ניוואָ און די האַלטונג פון אונזערע מענטשן איז אַן אומפאַרגלייכלעכער, אַ שטאָלצער און העלדישער, אָבער גרופּע נאָך גרופּע, שטאָט נאָך שטאָט, פאַרשווינדן אין דעם אַלגעמיינעם פאַרניכ־טונגס־שטורעם. קיינער ווייסט ניט, צי אין אַ שעה אַרום אָדער מאָרגן וועט ער נאָך לעבן".

די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און אַרבעטער־פּאַרטייען האָבן אָנגעזאַמלט דורך יאָרן פון מאַסן־אַקטיוויטעט די גרעסטע געזעלשאַפט־לעכע דערפאַרונג; זיי האָבן געירשנט פון פאַרן־קריגס־פּעריאָד אַן אַקטיוו פון יונגע, קאַמפּלוסטיקע נאַטורן און האָבן שנעל באַוויזן צוצופּאַסן זייערע אויסגעבויטע אַפּאַראַטן פאַר ברייט־פאַרצווייגטער סאָציאַלער הילפס־ און קולטור־אַרבעט אין ערשטן אָקופּאַציע־פּעריאָד און פאַר פאַרשטאַרקטער אונטערערדישער אַרבעט אין שפּעטערדיקן פּעריאָד. זיי זיינען עס געווען די ערשטע, וואָס האָבן אויפגעהויבן די פאָן פון אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן די נאַצי־באַרבאַרן. יעדע פון די

*) „אונזער צייט" נומ׳ 3, מערץ 1943.

דאָזיקע גרופּעס האָט קאָנקורירט מיט דער אַנדערער מיט ביישפּילן פון קרבנות־גרייטקייט, מוט און העראָאיזם.

אויפן ערשטן אָרט אין דער דאָזיקער הייליקער אַרבעט האָט זיך באַלד אַרויסגערוקט די חלוצישע באַוועגונג. די לעצטע האָט איינגע־שטעלט קאָנטאַקטן מיט כמעט אַלע יידישע ישובים און סיסטעמאַטיש דורך פאַרשידענע וועגן איינגעהאַלטן די פאַרבינדונג מיט אַלע אירע מיטגלידער. אַ באַזונדערס־וויכטיקע ראָלע האָבן געשפּילט אין דער פאַרבינדונגס־אַרבעט יינגע מיידלעך, וואָס האָבן לייכטער זיך געקענט דורכשמוגלען אַלס פּשוטע פּויערים־מיידלעך דורך די שפּיזיקע בליקן פון די נאַצי־וועכטער.

אַ רייע פון די דאָזיקע טוער האָבן זיך פרייוויליק געלאָזט קיין פּוילן פון מער־ווייניק זיכערע לענדער, וואוהין זיי האָבן זיך געראַטע־וועט אין די ערשטע טעג פון קריג. אַ רייע החלוץ־טוער האָט געהאַט די מעגלעכקייט זיך דורכצורייסן קיין ארץ־ישראל, אָבער זיי האָבן ניט געוואָלט פאַרלאָזן די מחנה — און זיינען צוזאַמען מיט איר גע־פאַלן אין קאַמף.

אַ פירער פון פּוילישן „החלוץ" שרייבט אין מיטן 1942 צו זיי־נעם אַ פריינד:

„ווי נאָר איך באַקום אַ ידיעה, אַז עס געשעט עפּעס אונזערע ברי־דער — גיי איך גלייך אַהין. דערביי בין איך אַליין בעת אַ פּאָגראָם פאַרוואונדעט געוואָרן און ס'האָט ווינציק געפעלט, אַז כ'זאָל מיך גע־זעגענען מיט דער וועלט. אונזער פאָלק האָט גרויסע בלוט־פאַרלוסטן, און בלויז אַ נס קען אונז אָפּראַטעווען. מיר אַליין גלייבן שוין ניט, אַז ס'זאָל אונז געלונגען זיך צו ראַטעווען".

אין אַ בריוו פון 25טן יאַנואַר 1943 שרייבט פ.: „איך בין פּרינ־ציפּיעל קעגן פאַרבינדן זיך מיט אַברהמ'לען". *) אַברהמ'ל איז דער נאָמען פון אַ חבר פון פ.'ס יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס געפינט זיך אין ארץ־ישראל; די גרופּע־פירער פון די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס באַשליסן צו פאַרבלייבן אין פּוילן, כאָטש די לאַגע איז זיי גאַנץ קלאָר. „זי („די משפּחה") וועט זיך אַריבערקלייבן אין רופּינס ברייט הויז" (אַרטור רופּין איז דעמאָלט געשטאָרבן). „דאָס הויז איז גרויס און די גאַנצע משפּחה וועט דאָרט קענען וואוינען".

אין אַ בריוו פון סעפּטעמבער 1943 פון אַ שכנותדיק צו פּוילן

---

*) „מכתבים מן הגיטאות", תל־אביב תש"ג, ד' 45.

לאַנד ווערט מיטגעטיילט, אַז די שליחים, וואָס זיינען געקומען קיין בענ־דין העלפן די חברים אַריבערגיין די גרענעץ, זיינען צוריקגעקומען מיטן לײדיקן — די חלוצישע טוער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרלאָזן דאָס שלאַכטפעלד. ס'איז אויך באַקאַנט אַ פאַקט, ווען אַ גרופּע פון „השומר הצעיר״־טוער אין בענדין האָט זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצורייסן זיך פון פוילן און איז געגאַנגען מוטיק צום לעצטן טויט־קאַמף קעגן די נאַ־ציס. *)

פּרוּוּוּן פון אַן אָרגאַניזירטן מאַסן־ווידערשטאַנד פון דער יידישער באַפעלקערונג קעגן די דעפּאָרטאַציעס זיינען שוין פאָרגעקומען אין אָנהייב 1942, אָבער די דאָזיקע דערשיינונגען זיינען געווען ענג־לאָקאַלע און האָבן ניט געהאַט קיין נאָכפאָלגער. די סיבה פון דער דערשיינונג רעדט אַרום גענויער דער באַריכט, אַרויסגעשיקט פון וואַרשע דעם 31טן אויגוסט 1942 — ווען די דעפּאָרטאַציע אין וואַרשע האָט גע־האַלטן ביים דערגרייכן איר הויכפּונקט (וואָך פון 6טן—12טן סעפּ־טעמבער): **)

„דאָ און דאָרט זיינען געווען פאַלן פון אַקטיוון ווידערשטאַנד. היי־זער זיינען פאַרטיידיקט געוואָרן דורך באַריקאַדעס, און אין געוויסע שטעט, למשל ניעסוויעזש, איז אַפילו געשטעלט געוואָרן אַ באַוואָפנ־טער ווידערשטאַנד. די דאָזיקע פאַראיינצלטע פאַלן זיינען אָבער פאַרענדיקט געוואָרן דורך אַ תּיכפדיקער ליקווידאַציע פון דער באַפעל־קערונג, און צוליב דעם זיינען די פאַלן פון ווידערשטאַנד פאַרבליבן בלויז ספּאָראַדישע דערשיינונגען. אַ מאַסן־ווידערשטאַנד איז ניט געווען און איז נישטאָ.

„די סיבה פאַרוואָס עס איז נישטאָ אַזאַ מאַסן־ווידערשטאַנד איז, וואָס די אומגליקלעכע ווילן זיך אַליין איינרעדן, אַז די „עוואַקואַציע״ באַדייט בלויז דאָס איבערפירן אין אַנדערע פּלעצער. די דאָזיקע אילו־זיע ווערט באַוואוסטזיניק געשפּייזט דורך די מאַכט־אָרגאַנען, כדי אויס־צולעשן יעדן ווילן צו קאַמף און ווידערשטאַנד. עס ווירקט אויך דער פאַקט, וואָס געוויסע שיכטן (מיטגלידער פון יידנראַט און זייערע משפּחות) רעדן זיך איין, אַז די עוואַקואַציע״ וועט זיי ניט אָנרירן. די צווייטע סיבה פון דעם, וואָס עס פעלט אַ מאַסן־ווידערשטאַנד איז, וואָס די ברייטע יידישע מאַסן האָבן דעם פולן באַוואוסטזיין, אַז די נאַצי־

---

*) מ. נישטט, „שנת השמדה״, תל־אביב, דעצעמבער 1943.
**) „אונזער צייט״, נומ׳ 2, פעברואַר 1943.

באַנדיטן ווענדן אָן אין אַלע ענלעכע פאַלן דעם פּרינציפּ פון קאָלעק־טיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. עס איז דעריבער פאַר זיי קלאָר, אַז אַזאַ ווידערשטאַנד וואָלט תיכף געבראַכט צו אַן אַלגעמיינער עקזעקו־ציע. די יעניקע, וואָס ווילן שטעלן אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד, זיינען געשטעלט פאַר דעם טראַגישן אויסוואַל: צי האָבן זיי דאָס רעכט אויס־צושטעלן אויף אַ זיכערן טויט אַנדערע, וועלכע האָבן אפשר דאָך אַ וועלכן ס'איז שאַנס זיך צו ראַטעווען? עס ווירקט אויך דער באַ־וואוסטזיין, אַז אַזעלכע ווידערשטאַנד־אַקטן וועלן ניט אַרויסרופן קיין אָפּקלאַנג אין אויסלאַנד, און — דער עיקר — אַז ס'איז נישטאָ קיין האָפענונג אויף הילף מחוץ די געטאָ־מויערן. דאָס זיינען די מאָטיוון, וועלכע ברענגען דערצו, אַז מאַסן מענטשן גייען אַוועק פון דער וועלט אָן אַ פּרוּוו צו שטעלן זיך אַנטקעגן".

אַ באַריכט פון פּוילישע אונטערערדישע קוועלן דערציילט:

„אין משך פון די ערשטע טעג פון דער דעפּאָרטאַציע האָט די אונטערערדישע באַוועגונג געוואָרנט דורך פּראָקלאַמאַציעס, אַז מ'זאָל זיך ניט לאָזן אַריינגאַרן אין דער פּאַסטקע און מ'זאָל שטעלן כאָטש אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד. די באַפעלקערונג איז אָבער געווען פון איין זייט אַזוי באַהערשט פון מורא און פון דער אַנדערער זייט פון פיבער־האַפטע האָפענונגען, אַז קיינער האָט זיך ניט געוואָלט צוהערן צום דאָ־זיקן רוף".

אין אַן אַנדער באַריכט ווערט דערציילט, אַז די יידישע מאַסן האָבן די ערשטע צייט באַטראַכט די דאָזיקע בלעטלעך אַלס אַן אַרבעט פון פּראָוואָקאַטאָרן, וואָס ווילן ברענגען אַן אומגליק אויף דער יידישער באַפעלקערונג. טשערניאַקאָווס זעלבסטמאָרד האָט געווירקט ווי אַ דראָענדיקער אַלאַרם־סיגנאַל, אָבער די נאַציס האָבן גלייך דערקלערט אויף זייער אָפיצירישן ערן־וואָרט, אַז די יידן ווערן ווירקלעך דעפּאָר־טירט אין אַרבעטס־לאַגערן אין די מזרח־געביטן. דעם 24טן אַפּריל איז טאַקע דערשינען אַן אָפיציעלע באַרואיקנדיקע דערקלערונג אין זעלביקן גייסט פון דער יידישער קהילה־פאַרוואַלטונג.

אויך פון אַן אַנדערן באַריכט פון אַן אַנטלאָפענעם ייד פון קאָסאָוו (מזרח־גאַליציע) ווערט געגעבן אַ תשובה אויף דער זעלביקער פראַגע: פאַרוואָס האָבן די פאַרפייניקטע יידן זיך גלייך ניט געכאַפּט אָרגאַניזירן אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד קעגן זייערע מערדער.*) דער ענטפער איז:

*) מ. נישטעט, „שנת השמדה", ז' 13.

1) קיינער האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אַז עס וועט זיין אַזאַ מאַסן־מאָרד; 2) פון די יידן האָט מען צוגענומען יעדן רעשטל פון געווער און שוצמיטלען; אויב אַ פויער האָט געקענט באַהאַלטן געווער אין אַ וואַלד — האָבן עס די יידן ניט געקענט טאָן; 3) מ'האָט ניט געקענט איינשטעלן וועלכע ס'איז פאַרבינדונג צווישן די יידן, ווייל עס האָט געדראָט טויט־שטראָף יעדן ייד, וועלכער האָט פאַרלאָזן זיין וואוין־פּלאַץ; זיך באַנוצן מיט קריסטן איז געווען אוממעגלעך, ווייל זיי האָבן פאַרראַטן; 4) די יידן זיינען געווען אַ קליינע מינדערהייט צווישן די פיינד, וואָס האָבן זיי געזוכט צו פאַרניכטן. און דער דערציילער ענ־דיקט זיין באַריכט: „אָבער טראָץ דעם אַלעם, איז ניט ריכטיק, אַז די יידן זיינען אַנטקעגנגעגאַנגען דעם טויט אָן אַ ווידערשטאַנד. זיי האָבן זיך קעגנגעשטעלט. און אַפילו מיט ליידיקע הענט. די פּרטים פון דער דאָזיקער עפּאָפּייע פון ווידערשטאַנד האָבן די יידן מיט זיך מיטגע־נומען אין קבר אַריין".

כאַראַקטעריסטיש אין דעם פּרט זיינען די פאַקטן, וואָס ס'האָט אי־בערגעגעבן אַ ייד, וועלכער איז אַנטלאָפן פון טאַרנאָפּאָל: *) „די דאָר־טיקע יידן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד אין פיל פאַלן. פאַר דער ליקווידירונג פון אַרבעטס־לאַגער איז געשטיגן דער פּרייז פון אַ רעוואָל־ווער ביז 3־4 טויזנט זלאָטעס. עטלעכע גרופּעס האָבן געקויפט רע־וואָלווערן און האָבן זיך מיט זיי געזאָלט באַנוצן ביי דער ליקווידירונג פונם לאַגער".

פאַקטיש זיינען אין דער וואַרשעווער געטאָ אויך געווען פאַלן פון ווידערשטאַנד שוין אין דער צווייטער העלפט פון 1942. אין דער צווייטער העלפט אויגוסט זיינען שוין געווען ביי 100 פאַלן פון אונטער־צינדן דייטשע סחורות־מאַגאַזינען אין געטאָ אַלס ענטפער אויף די דע־פּאָרטאַציעס. ס'איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אַ ניט־געלונגענער אַטענטאַט אויפן „אַמט פאַר איבערזידלונגס־אַנגעלעגנהייטן" (זשע־לאַזנע 103); ס'איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אַן אַטענטאַט אויפן קאָ־מאַנדאַנט פון דער יידישער פּאָליציי, דעם משומד שערינסקי (ער איז פאַר דער אַקציע געוואָרן ספּעציעל אַרויסגעלאָזט פון תפיסה, וואו ער איז געזעסן פאַר אַ שווינדל), וועלכער האָט זיך באַמיט צו זיין אַ געטריי ווערקצייג אין די הענט פון די נאַציס. די אונטערערדישע אויס־

*) בולעטין פון אחוד עולמי פון פועלי ציון ־ התאחדות, תל־אביב, נומ' 180, נאָוועמבער 1943.

גאַבעס האָבן סיסטעמאַטיש אויפגעקלערט דער יידישער באַפעלקערונג דעם אמתן זינען פון די דעפּאָרטאַציעס. אין די לעצטע חדשים פון 1942 איז, ווייזט אויס, געפאַלן דער באַשלוס וועגן אַ סיסטעמאַטישער צוגרייטונג צום אַקטיוון, באַוואָפנטן ווידערשטאַנד קעגן די נאַציס.

שוין פון די בריוו פון די „החלוץ״־טוער, וואָס זיינען געוואָרן אַרויסגעשיקט פון פוילן אין הערבסט 1942, איז געווען צו זען, אַז אין די חלוצישע אָרגאַניזאַציעס גייען אָן ערנסטע פאַרהאַנדלונגען וועגן די הכנות צום באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. מען דאַרף אָננעמען, אַז ענלעכע באַראַטונגען זיינען פאָרגעקומען אין די איבעריקע אָרגאַניזאַציעס. פיל צענטראַלע טוער פון אַלע טיילן פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון וואַרשע, זיינען צוריקגעקומען אַהין, כדי בעסער צו אָרגאַניזירן די הכנות צום אויפשטאַנד.

אין איינעם פון די חלוצישע בריוו פון יענער צייט ווערט געזאָגט: „ניט אַלע קרייזן זיינען געווען געניגט צו גיין אויף דעם וועג, אָבער אונזער באַוועגונג האָט באַשלאָסן אַזוי צו האַנדלען און זאָל זיין וואָס עס זאָל זיין!״

פון אַ בריוו פון וואַרשע, אָנהייב 1943, ווערן געבראַכט פאָלגנדיקע ציטאַטן: „גירושים האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן זייט עטלעכע טעג. מיר האָבן דעם פאַקט ווירדיק אויפגענומען. די זעלבסטשוץ האָט זיך אָנגעהויבן. זי איז אויפגענומען געוואָרן אויפן בעסטן אופן״. דער לאָזונג פון די חלוצים־קעמפער איז געווען: „דער טויט לויערט אויף אונז סיי ווי, זאָלן מיר גלייכער שטאַרבן מיט כבוד״.

אין פעברואַר 1943 איז קיין ארץ־ישראל אָנגעקומען דער פאַרמעלער באַשלוס וועגן באַוואָפנטן ווידערשטאַנד:

„אַ מענטש, וואָס האָט ניט לאַנג פאַרלאָזן פוילן און עס איז אים געלונגען צו דערגרייכן אַהער (אַ נייטראַל לאַנד), גיט איבער אין נאָמען פון פּ. און ה. אין דרום־מערב־פוילן: פאַרן אַוועקפאָרן האָבן מיך די מיטגלידער פון דעם צענטער פון דער באַוועגונג, וואָס געפינען זיך אין די פּראָווינץ־שטעט, געבעטן איך איבערצוגעבן, אַז ס׳איז אָנגעקומען אַ פאָדערונג פון די חברים אין צענטער (וואַרשע) וועגן באַקומען געלט אויף געווער. דאָס וואָס איז געשען אין די טעג פון ערשטן גירוש — וועט זיך שוין מער ניט איבערחזרן. די חברים בעטן איבערצוגעבן זייער באַשלוס אין ארץ־ישראל.

אין אַ בריוו פון 18טן יאַנואַר פון חלוצישן צענטער אין וואַרשע ווערט געשריבן: „גרשון (גירוש) געפינט זיך שוין עטלעכע טעג אין וואַרשע. איך גלייב, אַז מ׳האָט אים אויפגענומען ווי עס דאַרף צו זיין, ווי מיר האָבן לעצטנס באַשלאָסן". אין אַ בריוו פון 6טן פעברואַר פון וואַרשע זאָגט זיך צווישן אַנדערן: „הגנה (זעלבסטשוץ) האָט אונז געמאַכט אַ לענגערן באַזוך. זי האָט אונז אויפגענומען זייער גוט".

אין אַ בריוו פון דעם 2טן מערץ, אַרויסגעשיקט פון אַ נייטראַל לאַנד, ווערט געשריבן: „מיר ווילן אייך מעלדן וועגן אַ פריילעכער פאַמיליע - געשעעניש. ניט קוקנדיק אויף די שווערע צייטן, האָט דער טייערער עמי (מיין פאָלק) באַשלאָסן חתונה צו האָבן מיט דער פריילין הריג׳עוויטש (הריגה — מען מיינט דערמיט דעם באַשלוס וועגן זעלבסטשוץ). מיר האָבן ניט באַשלאָסן דעם טאָג פון דער חתונה, אָבער די צערעמאָניע וועט געפייערט ווערן אין די נאָענסטע טעג... אפשר וועט מלך הצלסקע (הצלה — רעטונג) וועלן שיקן אַ באַגריסונגס-בריוו? בעטן מיר, אַז ער זאָל זיך צואיילן. די חתונה וועט, ווייזט אויס, געפּראַוועט ווערן אין אַן ענגן קרייז, אין דער דירה פון דער מומע הגנסקי (הגנה). מיר גריסן פון טיפן האַרצן דיך און אַלע קרובים. באַזונדערע גרוסן שיקט דאָס יינגע פּאָרפאָלק".

פון די ווערטער „עמי (מיין פאָלק) האָט באַשלאָסן" זעט אויס, אַז ס׳האָבן ענדלעך אויפגעהערט די ספקות וועגן דער צוועקמעסיקייט פון שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין געוויסע קרייזן, און ס׳איז דערגרייכט געוואָרן אַן איינשטימיקייט אין דער פראַגע, וואָס לאָזט ניט מער איבער קיין וועג אויף צוריק. די הגנה איז ניט צו גרויס („אין אַן ענגן קרייז"), דאָך איז מען גרייט אויף אַלץ.

יעצט ווייסן מיר שוין, אַז אין יאַנואַר איז טאַקע פאָרגעקומען אין וואַרשע דער ערשטער צוזאַמענשטויס פון דער זעלבסטשוץ מיט די נאַציס. די קאַמף־אָרגאַניזאַציע איז נאָך דעמאָלט ניט געווען גוט צוגעגרייט און עס זיינען געפאַלן נאָר 30 נאַציס. די צאָל פון די יידישע קרבנות איז ניט געווען באַקאַנט.

# די ערשטע קאַמפן אין יאַנואַר

אין אַ באַריכט פון ד״ר שוואַרצבאַרד, לאָנדאָן, פון וואַרשע ווערט געשילדערט די לאַגע פון די וואַרשעווער יידן צו יענער צייט און דער פאַרלויף פון די ערשטע יידיש־דייטשע קאַמפן.

„נאָך די שחיטות און דעפּאָרטאַציעס אין האַרבסט 1942 זיינען געבליבן ביי 40,000 יידן אין דער וואַרשעווער געטאָ, ס׳רוב מענער און פרויען פון מיטעלן עלטער, וואָס זיינען געווען אַרבעטספעאיק. ס׳רוב יידן זיינען געוואָרן קאָנצענטרירט אין דער בייער, קליינער געטאָ, אַ טייל פון זיי האָט געוואוינט אין גאַסן, וואָס גרענעצן זיך מיט דער אַלטער געטאָ. שפּעטער, זיינען אָבער געוואָרן אויפגעשטעלט נייע ווענט ביי די גרענעצן פון דער קליינער געטאָ, און די דייטשן האָבן אָנגעהויבן טראַנספּערירן די דאָזיקע יידן ביי סצענעס פון גוואַלד־טאָטן און מאָרד. אין דעצעמבער 1942 האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע כוואַליע פון שחיטות און דעפּאָרטאַציעס. אין וואַרשע האָבן זיך אַרומ־געטראָגן קלאַנגען, אַז יאַנואַר 1943 זאָל זיין דער שטיך־טאָג (צו דעפּאָרטירן די איבערגעבליבענע יידן. — ל. ש.). דעם 18טן יאַנואַר האָבן די דייטשן אָנגעהויבן די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון דער געטאָ. אין די פריע מאָרגן־שעה׳ן זיינען שטאַרקע פאָרמאַציעס פון ס. ס.־לייט און לעטן אַריין אין דער געטאָ. אָבער דאָרט האָט זיי דער־וואַרט אַ סיורפּריז. אַ צאָל יידן האָבן אין זייער פאַרצווייפלונג זיך באַ־ריקאַדירט אין זייערע הייזער און אָנגעהויבן אַ ביטערן קאַמף. ס׳איז געוואָרן קלאָר, אַז זיי האָבן באַזיצט באַדייטנדע זאַפּאַסן פון געווער און אַמוניציע. אין די ערשטע עטלעכע טעג האָבן די דייטשן פאַרלוירן אַ צאָל טויטע און פאַרוואונדעטע. די שלאַכט האָט זיך נאָך געצויגן שבת, דעם 23טן יאַנואַר, ווען טאַנקס זיינען אַריין אין דער געטאָ. אַ צאָל הייזער זיינען געוואָרן פאַרברענט. די דייטשן האָבן אויסגעהרגעט אַלע יידן, וואָס זיי האָבן דאָרט געפונען. איבער טויזנט מאַן זיינען אַזוי אַרום אויסגעהרגעט געוואָרן. די מערהייט האָט זיך פּאַסיוו אונ־טערגעגעבן דעם דייטשן טעראָר; לאַנגע טראַנספּאָרטן פון יידן זיינען טעגלעך אָפּגעפאָרן קיין טרעבלינקע. נאָך עטלעכע טעג האָט די שלאַכט אויפגעהערט״.

די אויסלאַנד־דעלעגאַציע פון „בונד״ האָט באַקומען פון „בונד״ אין וואַרשע די פאָלגנדיקע ידיעה:

„אין יאַנואַר האָבן די דייטשן אָנגעהויבן צו ליקווידירן די רעשט־

לעך פון דער וואַרשעווער געטאָ. די יידן האָבן זיך אָקעגנגעשטעלט. צענדליקער פון די דייטשן און אַ פּאָר הונדערט יידן זיינען דערביי דערהרגעט געוואָרן. צווישן די אומגעקומענע געפינען זיך מירמעל־שטיין, כאַלאַדענקאָ און גיטערמאַן. נאָך דריי טעג האָבן די דייטשן אָפּגעשטעלט זייער אַקציע און אַוועקגעשלעפּט זעקס טויזנט יידן.

„איבער גאַנץ פּוילן ווערט פאַרגעזעצט די ליקווידאַציע פון די יידן. די נאַציס פּלאַנעווען צו פאַרענדיקן די ליקווידאַציע פון די רעשטלעך פון דער וואַרשעווער געטאָ אינמיטן מאָנאַט פעברואַר.

„אַלאַרמירט די וועלט! אַפּעלירט צום פּויפּסט, ער זאָל זיך אָפּ־ציעל אַריינמישן, און אַפּעלירט צו די עלאַיס, זיי זאָלן גלייך אָנווענדן אויסעראָרדנטלעכע שריט קעגן די דייטשן, וואָס געפינען זיך אין די לענדער פון די עלאַיס.

„מיר ליידן שרעקלעך. די איבערגעבליבענע עטלעכע הונדערט טויזנט יידן געפינען זיך אין געפאַר באַלד פאַרניכטעט צו ווערן. נאָר איר קאָנט אונז ראַטעווען. די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער גע־שיכטע ליגט אויף אייך״.

אַ גענויען באַריכט וועגן די יאַנואַר־קאַמפן געפינען מיר אין דער פּוילישער אונטערערדישער צייטונג „פּרזשעז וואַלקען דאָ זוויטשענס־טוואַ״ (דורך קאַמף צום נצחון) פון פעברואַר 1943. דער באַריכט איז פאַרעפנטלעכט אונטערן טיטל־קאָפּ: „ווי אַזוי איז עס געווען אין דער וואַרשעווער געטאָ?״:

„דעם 18טן יאַנואַר דעם יאָר, 6:30 פ. מ., האָבן אויף דער טערי־טאָריע פון דער וואַרשעווער געטאָ שטאַרקע אָפּטיילונגען פון דער מילי־טער־פּאָליציי און ס. ס.־לייט אין פולער שלאַכט־אוניפאָרם אַרומגע־רינגלט אַלע גאַסן און אָנגעהויבן אַ בלאָקאַדע פון די באַזונדערע היי־זער. דאָס מאָל האָבן די דייטשן אָנגעטראָפן אויסער אַ פּאַסיוון, אויך אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד. אין אַ רייע הייזער אויף די גאַסן מילע, ניזקע, מוראַנאָווסקע און זאַמענהאָף זיינען די דייטשן געוואָרן באַגריסט דורך אַ האָגל פון קוילן און גראַנאַטן. די מיליטערישע פּאָליציי איז געווען געצוואונגען צו שטורעמען די הייזער, פון וועלכע אַ טייל איז געווען פאַרבאַריקאַדירט; אַ רייע הייזער איז געשטאַנען אין פלאַמען; אין די איבעריקע האָט דער קאַמף אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט״.

דער יידישער ווידערשטאַנד האָט זיך ניט באַגרענעצט בלויז אויף דער פאַרטיידיקונג פון די פאַרבאַריקאַדירטע הייזער. די יידישע

קאַמף־גרופּעס האָבן דירעקט אינטערווענירט אין דער אַקציע. די צײַ־טונג באַריכטעט ווײַטער:

„בעת די רייען פון די דעפּאָרטירטע זײַנען געוואָרן אָפּגעפירט צו דער טראַנספּער־שטעלע צו ווערן פון דאָרט אָפּגעשיקט קיין טרעב־לינקע, האָבן די קעמפער געשאָסן און געוואָרפן גראַנאַטן. אין דער מהומה, וואָס איז אַנטשטאַנען צווישן דער מיליטערישער פּאָליציי, זײַנען די קעמפער אַנטלאָפן, מיטשלעפּנדיק מיט זיך פיל פון די דעפּאָרטיר־טע. די הויפּט־שלאַכט איז געוואָרן אויסגעקעמפט מיט אַ גרויסער אָפּטיילונג מיליטער־פּאָליציי און ס. ס. אויף דער דזשיקע גאַס, בײַ דער טראַנספּער־שטעלע. אַ גרופּע קעמפער, וואָס האָט זיך צונויפ־געמישט מיט דער גרופּע דעפּאָרטירטע, האָט אויף אַ געגעבענעם סיג־נאַל געעפנט פייער. זיי האָבן געוואָרפן גראַנאַטן אויף די מיליטער־פּאָליציאַנטן. ס׳האָבן זיך געהערט רעוואָלווער־שאָסן און ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ האַנט־געפעכט. די איבערראַשטע פּאָליציאַנטן האָבן זיך געלאָזט אַנטוואָפענען; אַ צאָל איז געוואָרן געהרגעט; די איבעריקע זײַ־נען זיך צעלאָפן. אין דער מהומה איז די מחנה דעפּאָרטירטע זיך צעלאָפן. מיטן אָנקומען פון פאַרשטאַרקונגען פון דער מיליטער־פּאָליציי איז די דײַטשן געלונגען צו באַהערשן די סיטואַציע. די רע־זולטאַטן פון קאַמף זײַנען געווען: בײַ 30 פּאָליציאַנטן און ס. ס.־לײַט דערהרגעט, פיל פאַרוואונדעט. די יידישע קרבנות זײַנען געווען: 9 געהרגעטע; די יידן האָבן פאַרכאַפּט 9 ביקסן און רעוואָלווערן”.

ס׳האָט גענומען צוויי טעג איידער די דײַטשן זײַנען געקומען צו זיך און האָבן באַשלאָסן די ווײַטעריקע רעפּרעסיע־שריט. דעם 21טן יאַנואַר האָבן זיי פאַראָרדנט אַ „באַשטראָפונגס־טאָג” אַלס נקמה פאַרן אַרויסגעוויזענעם ווידערשטאַנד. 600 זשאַנדאַרן אין פולער שלאַכט־אוניפאָרם האָבן אַרײַנמאַרשירט אין געטאָ, טראָגנדיק האַנט־גראַנאַטן. זיי האָבן אויך מיטגעבראַכט 2 פעלד־האַרמאַטן און פעלד־אַמבולאַנסן. די בלאָקאַדע פון די הײַזער האָט זיך אָנגעהויבן אינדערפרי. די זשאַנ־דאַרן האָבן אַרײַנגעוואָרפן גראַנאַטן און פעטאַרדעס דורך די פענסטער פון די הײַזער.

„נאָך דער דאָזיקער עקספּעדיציע — שרײַבט ווײַטער די אונטער־ערדישע צײַטונג — האָט זיך, קעגן אַלע דערוואַרטונגען, אַלץ באַרו־איקט. די בלאָקאַדעס און דעפּאָרטאַציעס האָבן אויפגעהערט. ס׳איז די אַלגעמיינע מיינונג, אַז די סיבה דערפון איז דער באַוואָפנטער ווי־

דערשטאַנד פון די יידן, וואָס האָט אין אַלגעמיין געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק".

אַ צווייטע אונטערערדישע צייטונג, די „רזשעטשפּאָספּאָליטאַ פּאָל־סקאַ" (פּוילישע רעפּובליק), שילדערט אין איר נומער פֿון 25טן יאַנואַר 1943 די קאַמפן אין דער געטאָ. זי שרייבט:

„דעם 18טן יאַנואַר דעם יאָר, אינדערפרי, האָבן שטאַרקע אָפּ־טיילונגען פון ס. ס., דייטשער פּאָליצײ און לעטן אַריינמאַרשירט אין דער געטאָ. זיי האָבן אָנגעטראָפן אַזוינס, אויף וואָס זיי האָבן זיך גאָר־ניט געריכט. פיל יידן האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אין זייערע וואוין־הייזער. ס׳האָט זיך אַנטוויקלט אַ ביטערע שלאַכט. די קאַמפס־אָרגאַ־ניזאַציע פון דער אונטערערדישער באַוועגונג האָט אָנגעזאַמלט ביקסן און אַמוניציע. דער קאַמף האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג. שבת, דעם 23טן יאַנואַר, זיינען דייטשע סאָלדאַטן אַריין אין דער געטאָ. אַ צאָל הייזער איז געוואָרן פאַרברענט".

פון די אַלע אָנגעגעבענע ידיעות לאָזן זיך אויסשיילן די פאָלגנדיקע פאַקטן:

1) אין דער דעפּאָרטאַציע־אַקציע אין יאַנואַר האָט שוין מער ניט אָנטיילגענומען די יידישע פּאָליצײ. די נאַציס האָבן זיך מער ניט באַ־נוצט מיט איר אַלס הילפס־קראַפט, ווי זיי האָבן עס געטאָן אין די חדשים יולי־סעפּטעמבער;

2) דער ערשטער באַוואָפנטער קאַמף מיט די נאַציס האָט גע־דויערט בערך 6־8 טעג;

3) די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט נאָך דעמאָלט ניט געהאַט באַקומען די פולע אונטערשטיצונג פון דער יידישער באַפעלקערונג;

4) די דייטשן האָבן פאַרלוירן עטלעכע צענדליק טויטע און פאַר־וואונדעטע; ס׳איז ניט קלאָר געווי די צאָל פון די יידישע קרבנות;

5) די נאַציס האָבן אַלס נקמה פאַרברענט אַ צאָל הייזער און אויס־געמאָרדעט זייערע איינוואוינער;

6) דער יידיש־דייטשער קאַמף האָט אַרויסגערופן אַ הילכיקן אָפּ־קלאַנג צווישן די פוילישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס;

7) נאָכן צוזאַמענשטויס האָבן די דייטשן אָפּגעשטעלט זייערע מאַסן־דעפּאָרטאַציעס אויף אַ קורצער צייט (ביז מיטן אַפּריל), זיך באַ־גנוגנדיק מיט דעפּאָרטירן „נאָר" בערך 6,000 יידן;

8) דער ערשטער באַוואָפנטער אַרויסטריט פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט געשטאַרקט דעם אַנטשלוס און מוט פון די יידישע

אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס ווייטער איינצושאַפן זיך געווער און אַמוניציע און זיך צוצוגרייטן צום לעצטן קאַמף אויף טויט און לעבן מיט די נאַציס, וואָס מ׳האָט געקענט דערוואַרטן, אַז ער זאָל אויסברעכן יעדן טאָג.

די בריוו פון די חלוצים־טוער פון דער צייט רעדן אַלע אין אַ פאַר־שטעלטער שפּראַך וועגן די צוגרייטונגען צום קאַמף.

דעם 1טן אַפּריל שרייבט ד.: „ביי מיר איז נישטאָ קיין נייעס. מען דערוואַרט דעם באַזוך פון הער גירושבסקי (גירוש — דעפּאָרטאַציע). מיר גרייטן אים צו אַ שיינעם קבלת־פּנים״.



טאָשיע אַלטמאַן

פירערין פון „השומר הצעיר״. אומגעקומען אין וואַרשע בעתן אַפּריל־אויפשטאַנד.

דעם 16טן אַפּריל שרייבט פּ.: „איך האָב געלייענט דיין בריוו צו ש. און גלייך געשריבן צו צ. (פירער פון „דרור״) און טאָשיען (פירע־רין פון „השומר הצעיר״). איך בין ניט זיכער, צי זי וועט נאָכקומען דיין ביטע (וועגן פּרואוו צו ראַטעווען זיך), ווייל זיי זיינען צו שטאַרק פאַרנומען, זיך אָפּצו־געבן מיט אַזעלכע ענינים״.

אין אַן אַנדער באַריכט פון יענע טעג, וואָס קומט פון די פירנדיקע אינסטאַנצן פון דער הסתדרות אין ארץ־ישראל, ווערט דערציילט: „די אַרבעטער־קרייזן אין פּוילן, וועלכע האָבן געקאָנט אויפן אָרט צושטעלן אַר־בעטס־כלים״, האָבן אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון אונזערע פאַר־שטייער אין אויסלאַנד באַקומען אינסטרוקציעס, אַז זיי זאָלן זיך באַ־ציען מיט צוטרוי צו אונזערע חברים און זיי העלפן מיט כלים״.*)

*) ציטירט פון י. טולין אין „פאָרווערטס״, 29טן נאָוועמבער 1943.

די פוילישע אונטערערדישע מיליטער־אָרגאַניזאַציע האָט ענדלעך נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען מסכים געווען צו באַזאָרגן מיט געווער די יידישע קעמפער.

אין די לעצטע חדשים פון 1942 זיינען אָנגעגאַנגען אונטערהאַנד־לונגען מיט דער לייטונג פון דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג וועגן באַקומען געווער. אין אַ בריוו צו ש. זיגלבוים — דעם טראַגיש־אומגעקומענעם פאָרשטייער פון „בונד" אין לאָנדאָנער פוילישן נאַציאָ־נאַל־ראַט, שרייבט מען פון וואַרשע: „מיר האָבן אַ טענה, וועלכע מיר וועלן קיינמאָל ניט מוחל זיין: מיר האָבן זיך געווענדט, מען זאָל אונז געבן געווער, כדי צו אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד מיטן צוועק ווײ־ניקסטנס צו קאָנען שטאַרבן ווי מענטשן מיט געווער אין האַנט. מען האָט אונז אָפּגעזאָגט און קיין געווער ניט געגעבן". *)

אַרום דער פראַגע האָט זיך שוין אָנגעקליבן אַ סך בייז בלוט. אין דעם פוילישן קאָמוניסטישן אָרגאַן „וואָלנאַ פּאָלסקאַ", אָרגאַן פון „פּאַר־באַנד פון פוילישע פּאַטריאָטן" אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט פּראָפ׳ לעאָן כוויסטעק אָנהייב מערץ 1944 פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער באַשולדיקט די לאָנדאָנער פוילישע רעגירונג, אַז אויף איר געוויסן ליגט דאָס בלוט פון פיל יידישע קרבנות, וועמען מ'האָט אָפּגעזאָגט צו געבן באַצייטנס געווער אַרויסצוגיין אין קאַמף קעגן די נאַציס. „די מיטגלידער פון דער פוילישער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע, מיט וועל־כער עס קאָמאַנדירט די לאָנדאָנער פוילישע רעגירונג, זיינען ניט אַרויס־געטראָטן צו באַשיצן די אומגליקלעכע, נאָר, פאַרקערט, זיי האָבן זיך נאָך אָפּגעזאָגט צו געבן זיי געווער און האָבן גלייכגילטיק געקוקט אויף די הריגות פון מאַסן פרידלעכע בירגער, פרויען, קינדער און זקנים". **)

ס'איז נאָך ניט געקומען די צייט צו דערציילן אַלץ, וואָס מען ווייסט וועגן דער דאָזיקער העכסט־וויכטיקער און אָנגעווייטיקטער פראַגע, און ווייט ניט אַלץ ווייסט מען, פונקט ווי ס'זיינען נאָך אַלץ ניט באַקאַנט פיל וויכטיקע פרטים וועגן דער אָרגאַניזירונג און גאַנג פון יידישן אויפשטאַנד אין וואַרשע אין אַפּריל־מאַי 1943. אָבער עס וואָלט געווען אַן אומפאַרציילעכע עוולה קעגן אמת און קעגן די יידישע אינ־טערעסן, ווען פון די דאָזיקע טענות, וואָס באַציען זיך אויפן ערב יאַנואַר־פעריאָד, זאָל זיך ביי וועמען עס איז שאַפן אַ פאַלשער איינדרוק וועגן דער פּאַסיווקייט פון דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג

---

*) „אונזער צייט" נומ׳ 3, מערץ 1943.

**) ציטירט פון „מאָרגן־פרייהייט" פון 13טן מערץ 1944.

צום יידישן אויפשטאַנד. ס׳איז אַן אומבאַשטרייטבאַרער פאַקט: דער אַפּריל־אויפשטאַנד איז אין גאַר אַ גרויסער מאָס געווען מעגלעך אַ דאַנק דער הילף, וואָס די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט באַקומען פון דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג. די פּוילישע דעמאָ־קראַטישע אונטערערדישע פּרעסע האָט ענטוזיאַסטיש באַגריסט דעם אויפשטאַנד און געוועקט ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג דעם טיפסטן אינטערעס און מאָראַלישע סימפּאַטיעס צו די יידן אין דאָזיקן אומ־גלייכן קאַמף. גאָר אַנדערש איז געווען די באַציאונג פון דער רעאַק־ציאָנער־ענדעקישער פּרעסע. גענויער וועלן מיר זיך אויף דער פראַ־גע אָפּשטעלן אין קאַפּיטל: „פּאָליאַקן און דייטשן וועגן יידישן אויפ־שטאַנד״.

## די הכנות צום אויפשטאַנד

דער אויפשטאַנד אין וואַרשע, וואָס האָט שפּעטער געווירקט ווי אַ העלדישער ביישפּיל און געוועקט דעם ווילן צו ווידערשטאַנד אין אַ רייע אַנדערע יידישע ישובים, וואָלט געווען אוממעגלעך, ווען עס וואָלט ניט געוואָרן געשאַפן די פולע איינהייט פון די יידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן צוגעגרייט דעם אויפשטאַנד. די אַנטשטייאונג פון „יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט״ (סוף 1942), וואָס האָט פאַראייניקט די ציוניס־טישע פּאַרטייען און חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס (איינגעשלאָסן די לינקע פּועלי־ציון), און פון „יידישן קאָאָרדינאַציע־קאָמיטעט״, וואָס איז באַשטאַנען פון פאַרשטייער פון „יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט״ און „בונד״, האָט דערפירט צו דער דאָזיקער איינהייט. די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע איז געשטאַנען אונטער דער דירעקטער קאָנטראָל פון קאָאָרדינאַציע־קאָמיטעט. ס׳איז ניט באַקאַנט, ווי אַזוי עס האָבן זיך אויסגעבויט די קאָנטאַקטן פון קאָאָרדינאַציע־קאָמיטעט און פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע מיט די אַנדערע יידישע גרופּירונגען (אַגודה, מזרחי, רעוויזיאָניסטן און קאָמוניסטן), אָבער אַז אַזעלכע קאָנטאַקטן זיינען גע־וואָרן איינגעשטעלט — דאָס זעט אויס צו זיין אויסער יעדן צווייפל.

אויב פריער זיינען נאָך געווען מיינונגס־פאַרשידנהייטן איבערהאָלב דער יידישער געזעלשאַפט וועגן דער צוועקמעסיקייט פון באַוואָפנטן קאַמף קעגן די נאַציס, זיינען די לעצטע ספקות פאַרשוואונדן אין אַנ־

הייב 1943. די יידישע געזעלשאַפט אין אַלע אירע שיכטן איז גע־קומען צו דער איבערצייגונג, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו פאַרלירן, און אַז ס׳איז ניט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג, ווי צו „שטאַרבן מיט כבוד".

פון אַ בריוו קיין לאָנדאָן פון די פירער פון „החלוץ" פון 15טן נאָוועמבער 1943 ווערט קלאָר די צענטראַלע ראָלע, וואָס די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָבן געשפּילט אין דאָזיקן וואונדערבאַרן קאַ־פּיטל פון קידוש־השם און העראָאיזם, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט אויף דער פּוילישער ערד אין 1943.

אינם בריוו, אַדרעסירט צו טאַבענקין, יערי, דאָבקין (פירער פון דער הסתדרות) און צו דער הסתדרות, זאָגט זיך צווישן אַנדערן:

„כדי ס׳זאָל בלייבן אַן אָנדענק נאָך יענע, וואָס זיינען געשטאָרבן מיט זייער געווער אין האַנט, קעמפנדיק קעגן שונא, שרייבן מיר אייך די דאָזיקע שורות איבער די לעצטע טעג פון פּוילישן „החלוץ" און זיינע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס: „דרור", „השומר הצעיר", „עקיבא" און „גור־דוניה". אין אַ גרויסער מאָס איז די געשיכטע פון „החלוץ" אין די דאָזיקע לעצטע שעה׳ן די געשיכטע פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַ־ניזאַציע."

ווייטער ווערט אין בריוו דערציילט, אַז פאַרן אָנהייב פון דער אויסראָטונג־אַקציע האָבן עקזיסטירט הונדערטער אָרגאַניזאַציע־צעלן פון „החלוץ" אין אַלע יידישע ישובים. אין וואַרשע האָבן עק־זיסטירט פינף קבוצים, דערונטער צוויי אין אַרישן קוואַרטאַל (גראָ־כאָוו און טשערניאַקאָוו). אין טשענסטאָכאָוו האָבן עקזיסטירט 3 קבו־צים און אין ביאַליסטאָק 2. ווייטער ווערן אויסגערעכנט נאָך אַ רייע שטעט, וואו ס׳האָבן עקזיסטירט קבוצים פון דער חלוצישער יוגנט.

„אויסער דעם האָבן מיר אויך אָנגעפירט מיט אַ גרויסער צאָל אַגריקולטורעלע ארבעטס־צענטערס, וואָס האָבן עקזיסטירט אין דער סעזאָן־צייט. אונזערע קבוצים זיינען שפּעטער געוואָרן די נעסטן פון אַקטיוון ווידערשטאַנד אין אַלע שטעט. מיר טראָגן די קלענסטע פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער שוואַכקייט פון ווידערשטאַנד אין דער ערשטער ליקווידאַציע־אַקציע (יולי־סעפּטעמבער 1942), וואָס לאָזט זיך דערקלערן מיט פיל אינערלעכע און אויסערלעכע פאַקטאָרן.

„דער העראָאישער און האַפענונגסלאָזער ווידערשטאַנד פון דער יידי־שער קאַמף־אָרגאַניזאַציע (ביי דער צווייטער דעפּאָרטאַציע־אַקציע אין יאַנואַר 1943 און ספּעציעל ביי דער לעצטער ליקווידאַציע־אַקציע אין וואַרשע, אַפּריל 1943, און שפּעטער בעת די ליקווידאַציע־אַקציעס אין

ביאַליסטאָק און אין ווילנע, וואָס זיינען געוואָרן וואונדערפולע לעגענ־דעס אין דער געשיכטע פון אונזער קאַמף פאַר פרייהייט) איז אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען אונזער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט באַצאָלט שווער מיטן בלוט און לעבן פון כמעט אַלע אירע מיטגלידער — די פירער און זעלנער פון דער דאָזיקער קאַמפס־אַקציע.

„פון וואַרשע אויס האָבן מיר אָרגאַניזירט איינהייטן פון דער יידי־שער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין אַנדערע שטעט. אונזערע שליחים האָבן אָרגאַניזירט די יידישע יוגנט און זיינען געפאַלן צוזאַמען מיט זיי אין די נאָכפאָלגנדיקע שלאַכטן".

די בריוו־שרייבער — צוויי גוט־באַקאַנטע פירער פונם פוילישן „החלוץ", וואָס זיינען געבליבן לעבן נאָך די אויפשטאַנד־קאַמפן — אינפאָרמירן אויך, אַז דער יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט (וואָס שליסט איין די אַלגעמיינע ציוניסטן, רעכטע פועלי־ציון (פועלי־ציון — צ. ס.), לינקע פועלי־ציון, „החלוץ", „דרור" (יוגנט־פאַרבאַנד פון רעכטע פועלי־ציון), „השומר הצעיר", „גורדוניה" (יוגנט־פאַרבאַנד פון „התאַח־דות") און „עקיבא" (יוגנט־פאַרבאַנד פון די אַלגעמיינע ציוניסטן), ווי אויך דער יידישער קאָאָרדינאַציע־קאָמיטעט (נאַציאָנאַלער קאָמיטעט און דער בונד") אַנטוויקלען אַ ברייטע טעטיקייט אויף די געביטן פון ווידערשטאַנד און הילף. די חלוצישע טוער זיינען געווען די איני־ציאַטאָרן און גרינדער פון די דאָזיקע קאָמיטעטן — די וויכטיקסטע צענטערס פון אָרגאַניזאַציע און ווידערשטאַנד פון יידישן פוילן.

אין די חדשים פעברואַר און מערץ 1943 זיינען ווידער פאָרגעקו־מען אין וואַרשע איינצלנע באַוואָפנטע צוזאַמענשטויסן; די וואַרשעווער געטאָ האָט שוין געפיבערט מיט די הכנות צום אָפענעם באַוואָפנטן קאַמף. מ'האָט געגראָבן אונטערערדישע קאַנאַלן און דורכגאַנגען; מ'האָט געגראָבן ברונעמס אויפן פאַל פון פאַרניכטן די וואַסער־לייטונג; מ'האָט צוגעגרייט שעלטערס, און דער עיקר — מ'האָט צוגעגרייט פיל געווער, אַריינגעשמוגלט אונטער וועגענער קאַרטאָפל אאַ"וו, צוגע־שטעלט פון דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג; מען האָט געשאַפן סאַניטאַר־אָפטיילונגען און מען האָט דורכגעפירט אַנדערע מלחמה־הכנות.

די נאַציס האָבן געפילט, אַז די יידן גרייטן זיך צו אַן אויפשטאַנד און זיי האָבן געפרואווט באַרויקן די אויפגערייצטע יידישע באַפעל־קערונג.

דעם 20טן מערץ האָט דער דייטשער דעפּאָרטאַציע־קאָמאַנדאַנט, גענעראַל וואַלטער טעבענס, אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף:

„צו די יידישע באַוואָפענונג־אַרבעטער פון וואַרשעווער יידישן באַצירק!

„אין דער נאַכט פון 14טן אויפן 15טן מערץ האָט די קאָמאַנדאַנטור פון דער יידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע פונאַנדערגעקלעפּט אַן אויפרוף, אויף וועלכן איך וועל אייך ענטפערן".

דער נאַצי־גענעראַל האָט ווייטער אין זיין אויפרוף געגעבן אַ רייע ליגנערישע אָפּלייקענונגען וועגן זין פון די מאַסן־דעפּאָרטאַציעס אין אַ רייע פאַקטן, וואָס ס'האָט אַנטפּלעקט די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע. טעבענס האָט זיך באַמיט איינצורעדן די יידישע אַרבעטער, אַז עס קומט ניט פאַר קיין שום דעפּאָרטאַציע, אַז דאָס לעבן און פאַרמעגן פון די „איבערגעזידלטע" איז געזיכערט. „גלייבט ניט די, וואָס ווילן אייך אַריינפירן אין טעות. זיי ווילן אייך אונטערהעצן, כדי אַרויסצורופן שלעכטע פאָלגן. אין זייערע שעלטערס איז נישטאָ קיין שום זיכערקייט. דאָרט וועט אייער לעבן זיין אוממעגלעך, ווי עס איז אוממעגלעך אין דעם אַרישן קוואַרטאַל. די אומזיכערקייט און אומטעטיקייט וועט שוין אַליין צעברעכן מאָראַליש די אַרבעטער, וואָס זיינען געוואוינט צו אַרבעט.

„יידישע אַרבעטער, — זאָגט ווייטער דער געסטאַפּאָ־אַגענט, — פאָרט קיין טראַווניקי, פאָרט קיין פּאָניאַטאָוו, ווייל דאָרט וועט איר קאָנען לעבן און איבערהאַלטן דעם קריג, און נעמט מיט אייערע פרויען און קינדער, ווייל אויך פאַר זיי ווערט דאָרט געזאָרגט".

דער דאָזיקער אויפרוף האָט ניט אָפּגעשוואַכט אויף אַ האָר די וואַכזאַמקייט פון די יידן און זייערע צוגרייטונגען צום קאַמף. די דייטשן האָבן דעמאָלט פאַרלאַנגט פון יידן־ראַט, ער זאָל מיטהעלפן באַרויקן די געמיטער. מ'האָט ווייטער געפּרוּווט איינרעדן די יידן, אַז זיי זאָלן גיין פרייוויליק אין די אַרבעטס־לאַגערן. מ'האָט זיי דערפאַר צוגעזאָגט געלט און שוץ, אָבער די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן שאַרף געסטעמפּלט די אמתע נאַצישע כוונות און צו ניט געמאַכט אַלע זייערע באַמיאונגען אויסצומיידן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד.

ערב דעם אויסברוך פון קאַמף, בעת אַ פּרוּוו פון „אויסקויפן" די יידן פון דער גזירה, האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַן אויסגעשריי פון אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דער יידישער אַרבעטערשאַפט פון וואַרשע: „קיין געלט, קיין מענטשן!" — דער דאָזי־

קער לאַזונג איז באַלד געוואָרן דער קאַמפס־געשריי פון גאַנצן יידישן וואַרשע.

„פאַלן מיט כבוד!“ — אַזעלכע קליינע פלוג־בלעטלעך האָבן אַראָפּ־געשריגן פון אַלע גאַסן און מויערן אין דער וואַרשעווער געטאָ, ווען דעם 18טן אַפּריל האָבן זיך די יידן געכאַפּט צום געווער.

## די שטימונג פון די יידישע קעמפער

די יידישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע האָט אין די ערשטע טעג פון קאַמף אַרויסגעלאָזט און געשיקט צו די פּאָליאַקן דעם פאָלגנדיקן אויפ־רוף:

„פּאָליאַקן, בירגער, זעלנער פון פרייהייט! ביים קנאַל פון האַרמאַטן, פון וועלכע די דייטשע אַרמיי שמעטערט אין אונזערע הייזער, אין די דירות פון אונזערע מאַמעס, קינדער און פרויען, ביים גערודער פון די מאַשין־געווער, וואָס מיר דעראָבערן אין קאַמף קעגן די פּחדנותדיקע דייטשע זשאַנדאַרן און ס. ס., ביים רויך פון פייער און בלוט פון דעם גע־מאָרדעטן וואַרשעווער געטאָ — שיקן מיר אייך, מיר, די שקלאַפן פון געטאָ — אַ האַרציקן גרוס. מיר ווייסן, אַז מיט האַרציקן ווייטיק און טרערן פון מיטגעפיל, מיט באַוואונדערונג און שרעק, קוקט איר זיך צו צום אויסגאַנג פון דעם קריג, וואָס מיר פירן זינט עטלעכע טעג מיט דעם גרויזאַמען אָקופּאַנט.

אָבער איר זעט דאָך, אַז יעדע שוועל פון געטאָ איז ביז אַצינד געווען און וועט ווייטער זיין אַ פעסטונג. מיר קאָנען אַלע אין דאָזיקן קאַמף אומקומען, אָבער מיר וועלן זיך ניט אונטערגעבן. מיר אָטעמען, אַזוי ווי איר, מיטן פאַרלאַנג פון נקמה און שטראָף פאַר אַלע פאַרברעכנס פון גע־מיינזאַמען שונא.

עס גייט אַ קאַמף פאַר אונזער און אייער פרייהייט!

פאַר אייער און אונזער מענטשלעכן, סאָציאַלן און נאַציאָנאַלן כבוד און ערע!

מיר וועלן נקמה נעמען פאַר די פאַרברעכנס פון אָשוויענטשים, טרעב־לינקע, בעלזשעץ, מאַידאַנעק!

זאָל לעבן די ברידערלעכקייט פון קאַמף און בלוט פון קעמפנדיקן פוילן!

זאָל לעבן די פרייהייט!

אַ טויט די תלינים!

זאָל לעבן דער קאַמף אויף טויט און אויף לעבן מיטן אָקופּאַנט!

יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע“.

אַ צווייטער אויפרוף ווענדט זיך צו דער וועלט און פאַרלאַנגט באַלדיקע אַקציע צו ראַטעווען די רעשטלעך פון די וואַרשעווער יידן.

דער אויפרוף לויטעט:

„פאָלק פון וואַרשע!

מיר פאַרשטייען, אַז די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג גיט אָפּ כבוד די קעמפּער פון דער געטאָ, אָבער נאָר די פאַראייניקטע פעלקער קע־נען געבן באַלדיקע און קאָנקרעטע הילף.

אין נאָמען פון מיליאָנען דערמאָרדעטע יידן, אין נאָמען פון די, וואָס זיינען געוואָרן פאַרברענט, פאַרפייניקט און אויסגעשאָכטן, אין נאָמען פון די, וועלכע קעמפן ווייטער העראָאיש, הגם פאַרמשפט צום טויט אין אומ־גלייכן קאַמף — רופן מיר צו דער וועלט, זי זאָל אונז הערן היינט.

די אַליאירטע פעלקער מוזן נקמה נעמען פאַר אונזער טויט און פאַר אונזערעליידן, אַזוי, אַז אַפילו דער בעסטיאַלישער שונא זאָל פאַרשטיין, פאַרוואָס ער ווערט באַשטראָפט. אונזערע אַליאירטע מוזן זיך אָפּגעבן אַ דין־וחשבון פון דער גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס וועט פאַלן אויף די, וועלכע זיינען געבליבן פּאַסיוו אין אָנבליק פון דעם אומגלייבלעכן דייטשן פאַרברעכן קעגן אַ גאַנץ פאָלק, וועמענס טראַגישער עפּילאָג קומט פאָר היינט. דער פאַרצווייפלטער העראָאיזם פון געטאָ מוז אויפטרייסלען די וועלט צו אַן אַקציע, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דער גרויסקייט פון מאָמענט".

ליידער האָט די דעמאָקראַטישע וועלט ניט דערהערט דעם פאַר־צווייפלונגס־רוף פון די „שקלאַפּן"־העלדן, און ס'האָט געדויערט חדשים איידער זי האָט אָנגעהויבן צו דערפילן די גאַנצע קדושה און העראָאיזם פון וואַרשעווער אויפשטאַנד, און מ'האָט זיך אָנגעהויבן איינצוהערן צום האַרץ־געשריי, וואָס קלינגט אַריבער פון דער צוואה פון די גבורים פון „געטאָגראַד".

די שטימונגען פון די קעמפנדיקע יידן דריקט ריכטיק אויס די אונטערערדישע צייטונג „ראַבאָטניק" („דער אַרבעטער"). אין אַן אַרטיקל אין נומער פון 1טן מאַי (נומ' 113) ווערט געזאָגט צווי"אַ:

„די פּוילישע באַפעלקערונג פון דער הויפּט־שטאָט (וואַרשע) האָט מיטגעפילט דער העלדישער יידישער באַפעלקערונג אין געטאָ. . . . די יידן האָבן אַרויסגעגאַנגען אין די ערשטע טעג פון קאַמף צוויי פאָנען — אַ פּוילישע און אַ יידישע — און אויך אַ פּלאַקאַט, וואָס האָט גערופן צו דער איינקייט פון דער באַפעל־קערונג פון פּוילן קעגן די היטלעריסטן. די ערשטע דריי נאַצישע טאַנקען, מיט וועלכע זיי זיינען אַריינגעפאָרן אין די גע־טאָ, האָבן זיך ניט אומגעקערט צוריק. עס האָט זיך געטראָגן אַ קלאַנג, אַז די יידן האָבן פאַרכאַפּט דעם פּאַוויאַק (גרויסע טור־

מע אויף פּאַוויע און דזשעלנע גאַס) און באַפרייט פון דאָרט די אַרעסטירטע. שוין עטלעכע טעג ווי עס טראָגן זיך איבער דער געטאָ כמאַרעס פון רויך. וואַרשע וואַרט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם — אפשר וועט אָנקומען אַ מחנה עראָפּלאַנען, אַן ענגלישע אָדער אַ סאָוויעטישע, וואָס זאָל אויפהייבן דעם גייסט פון די קעמפער אין געטאָ. אָבער עס קומט קיינער ניט. עס זעט אויס, אַז דאָרט אין אויסלאַנד ווייסט מען גאָרניט, וואָס דאָ, אין דער וואַר־




פוילישע אונטערערדישע פּרעסע

שעוער געטאָ, קומט פאַר. ווער איז דערפאַר פאַראַנטוואָרט־לעך? מיר פרעגן, צי איז ניט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם דער ספּעציעלער פאָרשטייער פון דער פּוילישער רעגירונג, וואָס געפינט זיך (געהיים) אין פּוילן? מיר דערמאָנען זיך, ווי מען האָט געלאָזט וויסן אין לאָנדאָן און פון דאָרט אין אַלע טײלן פון דער וועלט פאַקטן פון 100 גראַד קלענערער וויכטיקייט, אין דער צייט, ווען וועגן דער אויסראָטונג פון די יידן אין פּוילן, אין וועלכער עס זיינען שוין אומגעקומען איבער אַנטדערטהאַלבן מיליאָן יידן, איז די וועלט געוואויר געוואָרן ערשט דעמאָלט, ווען די אויסמאָרדונג איז שוין געווען פאַרענדיקט".

פון דעם אַרטיקל ווערט קלאָר, אַז די יידן האָבן באמת אין פּוילן גלויבן דערוואַרט, אַז זיי וועלן באַקומען די הילף פון די עלאַיס, כאָטש אין אַזאַ מאָס, וואָס זאָל אויפפלאַקערן דעם מוט פון די קעמפנ־דיקע יידן.

די טענות פון „ראָבאָטניק" קעגן פאָרשטייער פון דער לאָנדאָנער רעגירונג זיינען שווערוואָגיקע; זיי דעמאָנסטרירן גלייכצייטיק די פּול־סטע סאָלידאַריטעט פון דער פּוילישער דעמאָקראַטישער אונטער־ערדישער באַוועגונג מיטן קאַמף פון די יידישע העלדן.

## 42 טעג, וואָס האָבן אויפגעשטורעמט די וועלט

**גענויע** פּרטים וועגן פאַרלויף פון אַפּריל־אויפשטאַנד וועלן מיר ערשט קענען זיך דערוויסן נאָך דער מלחמה; איצט מוזן מיר זיך באַ־גנוגענען מיט באַריכטן, וואָס זיינען דערשינען אין פאַרשידענע אונ־טערערדישע צייטשריפטן און זיינען אָפּגעגעבן געוואָרן פון מענטשן, וואָס האָבן בייגעוואוינט די קאַמפן און זיך אַרויסגעריסן פון דער וואַרשעווער געטאָ.

די אונטערערדישע רעכטע צייטונג „פּאָלסקאַ" פון 29טן אַפּריל 1943 שילדערט די ערשטע שעה'ן פון אויפשטאַנד און די געשעע־נישן, וואָס זיינען פאַרויסגעלאָפן דעם אויפשטאַנד.

זי דערציילט, אַז אין מיטן אַפּריל האָבן די נאַציס אויפגעפּאַדערט די יידן צוזושטעלן 5,000 מאַן אויף דער „טראַנספּער־שטעלע" אויף סטאַווקע גאַס פאַר דעפּאָרטאַציע. דער ערשטער טראַנספּאָרט איז אָפּ־

געפּאָרן. די „פּאָלסקאַ" באַריכטעט דערנאָך וועגן די ווייטערדיקע געשעענישן:

„פיל יידן אין דעם טראַנספּאָרט האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן. זיי האָבן אַהיימגעבראַכט שרעקלעכע נייעס. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער טראַנספּאָרט פון געטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון וואַרשע. דאָרט האָט מען די יידן באַפוילן צו גראָבן זייערע אייגענע קברים, וואָס זיינען דאָן געוואָרן אַרומגערינגלט דורך מאַשין־געווער. אַ צווייטער טראַנספּאָרט האָט געדאַרפט אָפּגיין דעם 20טן אַפּריל, היטלערס געבורטסטאָג. די דאָזיקע נייעס האָט געוואָרפן אַ פּחד אויף דער געטאָ. די גאַסן זיינען געוואָרן פּוסט. די מענטשן זיינען פאַרשוואונדן פון די גאַסן, וואַרשטאַטן, היימען און פאַבריקן. די געסטאַפּאָ האָט אָנגעהויבן דורכפירן רעוויזיעס און אַרויסשלעפּן פרויען און קינדער אַלס ערבניקעס. מען האָט זיי צוגעיפגעבראַכט אויפן יידישן בית־עולם, זיי געהייסן אויסגראָבן גריבער און דאָרט וואַרטן אויף זייערע מענער. אָבער אַלס ענטפער זיינען פון די מכלומרשט ליידיקע הייזער געפאַלן קוילן און האַנט־גראַנאַטן. דעכער און בוידעם־שטיבער האָבן אָנגעהויבן שפּייען מיט פייער און רעגענען מיט טויט אויף דער דייטשער פּאָליציי. אַ פּחד האָט באַהערשט היטלערס הענקער. זיי זיינען אַנטלאָפן אין פּאַניק.

ס'איז אַלאַרמירט געוואָרן די ס. ס. ס'איז מאָביליזירט געוואָרן מער פּאָליציי. די געטאָ־ווענט זיינען אַרומגערינגלט געוואָרן. פון הינטער די דאָזיקע ווענט איז געקומען אַ נייע שיסעריי.

די דייטשן האָבן געבראַכט 4 טאַנקען, וועלכע זיינען געפאָרן אויף די גאַסן פון וואַרשע און כאַאָטיש געשאָסן אין די הייזער אַריין. מער קוילן און מער האַנט־גראַנאַטן זיינען געקומען אַלס ענטפער דערויף פון נייע צענטערס פון ווידערשטאַנד.

די דייטשן האָבן געמוזט אָפּטרעטן. זיי האָבן די פעסטונג ניט געקענט באַזיגן. אייליק האָבן זיי אַרויסגעפירט די צעשטערטע טאַנקען.

די דייטשן האָבן דעמאָלט געבראַכט פעלד־אַרטילעריע און האָבן די האַרמאַטן אַוועקגעשטעלט אויף דער באָניפראַטן־גאַס און אויף קראַשינסקיס פּלאַץ. פון יענע זייטן האָבן זיי אָנגע־

הויבן שיסן מיטן ציל אויסצוברענען די נעסט פון ווידערשטאַנד.

דאָס איז געווען מאָנטיק, אין דער וואָך פון קריסטלעכן פּסח, 6 פאַרנאַכט. פון די דונערן פון די האַרמאַטן האָבן זיך גע־טרייסלט די מויערן פון די הייזער אין דער שטאָט. די שויבן פון אַלט־שטאָט זיינען געפאַלן פון די פענסטער. מיט אַ טויזנט־פאַכיקן עכאָ האָבן די שאָסן אָפּגעקלונגען אין די אויערן פון אַלע וואַרשעווער איינוואוינער.

פלוצלינג איז אין מיליטערישן שטאַב געקומען צו לויפן אַ פאָרשטייער פון דער ציווילער דייטשער מאַכט — דערציילט וועגן די ציטונג — און האָט פּראָטעסטירט קעגן באַנוצן אַר־טילעריע. דאָס שיסן פון האַרמאַטן — האָט ער געטענהט — באַדראָט די עפנטלעכע זיכערקייט און עס קאָן גורם זיין דאָס איינ־פאַלן פון די נאָענטסטע הייזער אויסער דער געטאָ. חוץ דעם באַאומרואיקט שטאַרק די שיסעריי די דייטשע באַפעלקערונג אין שטאָט און, ניט וויסנדיק גענוי וועגן וואָס עס גייט, ווערט זי אַרומגעכאַפּט דורך אַ שטאַרקער פּאַניק.

נאָך אַ רייע אויפקלערונגען און טעלעפאָן־געשפּרעכן האָט די מיליטערישע אָנפירונג פון בייעם „פראָנט" מסכים געווען אויף אַ קאָמפּראָמיס: עס האָבן אָפּגעשטעלט די שיסעריי די האַר־מאַטן מיט אויפרייס־קוילן און עס האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן די האַרמאַטן מיט צינד־קוילן.

דער הימל פון צפון־טייל פון וואַרשע איז געוואָרן איינגע־הילט אין רויך־וואָלקנס. ביינאַכט איז דער הימל געווען רויט פון די פייערן פון די ברענענדיקע הייזער. אַלס נקמה פאַר אונטערצינדן דורך די דייטשן די וואוין־הייזער פון דער געטאָ, האָבן די יידן אָנגעהויבן אונטערצוצינדן די פאַבריקן און גרויסע וואַרשטאַטן, וואָס האָבן געאַרבעט פאַרן דייטשן מיליטער. מיט רויך איז אַוועק די גרויסע מאַטראַצן־פאַבריק, וואָס האָט געאַר־בעט פאַר מיליטערישע שפּיטאַלן, ווי אויך אַ פּאָר טויזנט פאַרטי־קע מאַטראַצן און אַ סך רוי־מאַטעריאַל. ס'איז פאַרניכטעט געוואָרן אַ גרויסע פאַבריק פון באַרשטן פאַר מיליטער — אַ פאַבריק, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך אַ קראָקעווער שפּעקו־ליאַנט בשותפות מיט אַ גענעראַל פון דער אינטענדענטור. די זאַפּאַסן גרייטע מונדירן, וועש און שטיוול זיינען צעכאַפּט געוואָרן און די איינריכטונגען פון די נייע וואַרשטאַטן האָט מען פאַר־

ברענט. מיטן פייער זיינען אויך אַוועק די גרויסע סטאָלער־וואַרשטאַטן, וואו די דייטשע און ניט־דייטשע שפּעקוליאַנטן האָבן „פאַבריצירט“ מאַסנווייז „נייע“ מעבל, אויפפרישנדיק אַלטע מעבל־שטיק, וועלכע מ׳האָט פריער געהאַט צוגערויבט ביי יידן.

גלייכצייטיק זיינען געוואַקסן די רייען פון די יידישע קעמפער. זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין דייטשע שטיוול און מונדירן, זייערע קעפּ זיינען געווען געשיצט מיט דייטשע קאַסקעס און זיי האָבן געשאָסן מיט דייטשע ביקסן. אין דער מיליטערישער אַקציע האָבן זיך אויך באַטייליקט יידישע הילף־אָפּטיילונגען, ווי סאַניטאַרן, שוץ־גרופּעס קעגן לופט־אָנפאַלן און פייערלעשער־בריגאַדעס. די לעצטע האָבן זיך באַמיט צו לאָקאַליזירן די שריפות, וואָס זיינען אַנטשטאַנען פון דער באָמבאַרדירונג. די אַלגעמיינע שטאָטישע פייערלעשער האָבן באַקומען אַ באַפעל צו לעשן נאָר אין פאַלן, ווען דאָס פייער וועט באַדראָען די הייזער פון די שכנישע קריסטלעכע קוואַרטאַלן.

די יידן האָבן באַצייטנס צוגעגרייט אין די הויפן אַ רייע ברונעמס, פאָרויסזעענדיק, אַז די דייטשן קענען אָפּשטעלן דעם צופלוס פון וואַסער. די דייטשן האָבן עס טאַקע געוואָלט טאָן, אָבער זיי האָבן זיך אָפּגעהאַלטן דערפון, ווייל די וואַסער־רערן, וואָס גייען דורך דער געטאָ, שטעלן אויך צו וואַסער אין זשאָליבאָזש, אין ציטאַדעל און אין דאַנציקער וואָקזאַל.

אַזוי איז אַדורך אַ טאָג נאָך אַ טאָג — אין דער וואָך פון קריסטלעכן פּסח“.

אַ ביסל ליכט וועגן די געשעענישן אין געטאָ פאַרן אַפּריל־אויפשטאַנד וואַרפן אויך עטלעכע אונטערערדישע באַריכטן.

אין איין באַריכט פון אָנהייב אַפּריל ווערט געזאָגט:

„אונז איז באַקאַנט דער נייער דייטשער פּלאַן פאַר די געבליבענע יידן אין וואַרשעווער געטאָ. לויט דעם פּלאַן דאַרפן אין וואַרשעווער געטאָ פאַרבלייבן בלויז 8,000 יידן מעטאַל־אַרבעטער און 3,000 יידן, וואָס אַרבעטן אין „ווערק־ערפאַסונג“ (אַ ספּעציעלער דייטשער נאָמען פאַר שעפּער אין געטאָ); זיי דאַרפן ווערן איבערגעפירט אין קאַזאַרמעס אויסער די גרענעצן פון יידישן געטאָ. אַלע איבעריקע דאַרפן אין פאַרלויף פון 4־5 וואָכן אַרויסגעפירט ווערן פון געטאָ אָדער אויסגעראָטן ווערן אויף אַן אַנדער אופן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם הערשן אין

געטאָ שטימונגען פון פאַרצווייפלונג און שפּאַנונג".

אין אַ צווייטן באַריכט, בערך פון דער זעלביקער צייט, ווערט דערציילט:

„דער גובערנאַטאָר פישער האָט פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף צו דער באַפעלקערונג פון וואַרשע, וועלכן ער האָט אַרויסגעגעבן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער לעצטער סאָוועטישער לופטאַטאַקע אויף וואַרשע. ער האָט אין זיין אויפרוף עפנטלעך אָנגעזאָגט די פולשטענדיקע פאַרניכטונג פון יידישן קוואַרטאַל".

פון די באַריכטן ווערט אויך קלאָר, אַז נאָך איידער דער אויפשטאַנד איז אויסגעבראָכן, זיינען געווען איניקע פאַלן פון ווידערשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. עס זיינען פאָרגעקומען עטלעכע דעמאָנסטראַציעס פון הונגעריקע יידן. איניקע נאַצישע פאַבריקן זיינען געוואָרן אונטערגעצונדן. זיי זיינען אַוועק מיטן פייער און די שולדיקע האָט מען ניט געפונען. די קרוב 40,000 יידן פון דער וואַרשעווער געטאָ זיינען געוואָרן אַ צו־אומרואיקער עלעמענט — און דער נאַציקאָמיסאַר פון וואַרשע, האַנס פישער, האָט באַשלאָסן פּטור צו ווערן פון די יידן, „די פאַרבינדעטע פון די באָלשעוויקעס".

די יידן האָבן געקעמפט אין וואַרשע מיט אַן אויסערגעוויינלעכן מוט. נייע פּרטים וועגן געטאָ־אויפשטאַנד געפינען מיר אין אַ רייע אַנדערע אונטערערדישע פּוילישע צייטונגען.

דער „ביולעטין אינפאָרמאַציני" פון 29טן אַפּריל 1943 שרייבט:

„מאָנטיק, דעם 19טן ה. ח., האָט די דייטשע פּאָליציי, באַוואָפנט מיט קוילנוואַרפער, געדיכט אַרומגערינגלט די וואַרשעווער געטאָ. אינדערפרי זיינען פון צוויי זייטן, פון די נאַלעווקיס און פון סטאַווקי גאַס, אַריינגעפאָרן אויף אויטאָס עטלעכע הונדערט ס. ס.־לייט. זייער אויפגאַבע איז געווען פולשטענדיק צו ליקווידירן די גרויסע געטאָ, וואָס האָט געציילט (אָפיציעל) 40 טויזנט יידן, און צוזאַמען מיט די ניט־רעגיסטרירטע — בערך 80 טויזנט.

ווען אויף דער זייטיקער באַן־ליניע אויף סטאַווקי גאַס האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ צוג און די ס. ס.־לייט האָבן אָנגעהויבן צו זאַמלען דעם ערשטן טראַנספּאָרט יידן — האָבן זיך דערהערט שאָסן און אויפרייסן פון גראַנאַטן. די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעהויבן די פאַרטיידיקונג פון געטאָ. אין אָנהייב אַן אינדיווידועלער אָפּווער, האָט זי אָנגעהויבן אָנצו־

נעמען די פאָרם פון אַן אָרגאַניזירטער קאָלעקטיוווער פאַרטיידי־קונג.

עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ רעגולערער גאַסן־קאַמף פון גרויסער שפּאַנונג. אין דער נאַכט פון מאָנטיק אויף דינסטיק זיינען אין די קאַמפן דערהרגעט געוואָרן עטלעכע צענדליק דייטשן, בעיקר ס. ס.־לייט, און פיל האָט מען פאַרוואונדעט. ביידע צדדים האָבן באַנוצט מאַשין־געווער, ביקסן, גראַנאַטן און רעוואָלווערן. די יידן האָבן אויסגעפירט עטלעכע אָנגריפס־אַקציעס, אין רעזולטאַט פון וועלכע עס זיינען געפאַלן טויטע מחוץ די געטאָ־ווענט. אַזוי למשל, איז אויף עק באַניפראַטן־גאַס און קאָנוויקטאָרסקאַ, אויסגעהרגעט געוואָרן אַ דייטשער פּאָליציי־פּאַטרול, וואָס איז באַשטאַנען פון 5 פּאָליציאַנטן.

דינסטיק, מיטוואָך און דאָנערשטיק האָבן די קאַמפן אָנ־געהאַלטן. די דייטשן, אָפּערירנדיק פאָרזיכטיק, האָבן אַריינ־געפירט אין קאַמף אַ ניט־גרויסע צאָל טאַנקען, פעלד־אַרטילעריע און אַנטי־טאַנק־האַרמאַטן. זיי האָבן זיך אַפילו באַנוצט מיט אָבסערוואַציע־עראָפּלאַנען.

די דייטשע פּאָליציי האָט זיך באַמיט צו צעקלאַפּן די פאַר־טיידיקער אויף לויזע גרופּעס און אָפּווער־פונקטן. אַלס מיטל צו ברעכן דעם ווידערשטאַנד האָבן די דייטשן אָנגעווענדט אין אַ ברייטן מאַסשטאַב — אונטערצינדונגען. מען האָט אָפּגע־שטעלט דעם צופלוס פון וואַסער אין געטאָ אַריין (די ידיעה שטייט אין סתירה מיט דער פריער־געבראַכטער אינפאָרמאַציע פון „פּאָלסקאַ”, אַז די נאַציס האָבן ניט אָפּגעשטעלט דעם וואַסער־צופלוס. — ל. ש.). די יידן האָבן אָנגעהויבן צו ברענען די לאַגערן פון רוי־שטאָפן און סחורות, פאַבריקן און גאַרבערייען. זיי האָבן אַוועקגעלאָזט מיטן רויך אַ ריזיק, ווערטפול פאַר די דייטשן פאַרמעגן, וואָס איז אָנגעזאַמלט געוואָרן אין געטאָ. פייער־פלאַמען און קנוילן רויך האָבן באַדעקט די געטאָ. די שריפות דויערן אָן איבעררייס ביזן היינטיקן טאָג.

אין דער נאַכט פון 22טן אויפן 23טן ה. ח. האָט אַ גרופּע יידן געפּרואווט אַנטלויפן דורך דער גאַס וואַלנאַשטש. אַ פייער פון דייטשע מאַשין־ביקסן האָט געמאַכט אוממעגלעך דאָס דורכ־רייסן זיך. לויט ניט־קאָנטראָלירטע ידיעות זיינען בעת די

קאַמפּן דעם 23טן ה. ח. פאַרניכטעט געוואָרן עטלעכע דייטשע טאַנקען.

די צאָל דערהרגעטע און פאַרוואונדעטע איז געשטיגן פיל־פאַך. אין אָוונט האָט מען אויף פּרעטאַ גאַס געוואָרפן אַ באָמבע אויף אַ דייטשן אויטאָ. עס זיינען געהרגעט געוואָרן עטלעכע ס. ס.־לייט און 2 ציווילע.

שבת, דעם 24טן, איז דער קאָלעקטיווער אָרגאַניזירטער ווידערשטאַנד געבראָכן געוואָרן. מען קעמפט נאָך אין עטלעכע באַזונדערע ווידערשטאַנד־פּונקטן אין דער טיף פון דער געטאָ. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן דאָס צווייפּזאַמלען די יידן אויפן „אומשלאַג־פּלאַץ" (אויף סטאַווקי), כדי זיי אַרויסצופירן.

דעם 25טן, 26טן און 27טן ה. ח. זיינען די אָפּקלאַנגען פון די קאַמפן געוואָרן שוואַכער און שוואַכער. שריפות בושעווען מיט וואַקסנדיקער קראַפט. די פאַרטיידיקונג פון געטאָ, וואָס ווערט כסדר שוואַכער, דויערט נאָך".

דעם 4טן מאַי שרייבט די זעלביקע צייטונג:

„די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אויפרייסן די קאַנאַלן־אַרויס־גאַנגען, דורך וועלכע די יידן האָבן זיך געפּרוּווט אַרויסראַטעווען אויסער דער שטאָט. דער ווידערשטאַנד איז געוואָרן געבראָכן אין דער ערשטער רייע דורך די שריפות, וואָס די דייטשן האָבן אַרויסגערופן. די דאָזיקע פייערן האָבן פאַרניכטעט הונדער־טער געביידעס אויפן שטח פון דער געטאָ. די גאַסן נאַלעווקי, נאָוואָליפּקי, קאַרמעליצקע, ניזקע, מילע, מוראַנאָווסקע, סמאָטשע, גענשע זיינען געוואָרן אינגאַנצן אָפּגעברענט. קיין איין הויז איז ניט געבליבן גאַנץ".

דעם 6טן מאַי אינפאָרמירט ווייטער די צייטונג:

„אין מאָמענט, ווען מיר שרייבן די ווערטער, דויערט ווייטער דער אָפּגעשוואַכטער, אָבער נאָך אַלץ פאַרביסענער ווידערשטאַנד פון די יידן, וועלכע פאַרטיידיקן זיך. עס פאַרטייידיקן זיך באַזונדערע הייזער און בלאָקן. די דייטשן ברענען ווייטער אויס די געטאָ. כדי צו איזאָלירן די באַזונדערע הייזער און צו צווינגען די איינוואוינער אַרויסצוגיין אויף דער גאַס, צינדן די דייטשן אונטער סיסטעמאַטיש הויז נאָך הויז. גרויסע שריפות האָבן אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע וואָך. יידן צינדן אונטער

אָביעקטן, וואָס זיינען נוצלעך פאַר די דייטשן, ווי למשל, יידישע פאַבריקן, וואָס אַרבעטן פאַרן מיליטער.

טויזנטער יידן, וואָס מען האָט מיט פייער אַרויסגעטריבן פון די באַהעלטענישן, האָט מען צוגעשטעלט צו דער זייטיקער באַן־ליניע, פון וואַנען מ'האָט זיי אַרויסגעפירט אויף מזרח. אַנדערע טויזנטער קומען אום פון די קוילן פון די היטלעריסטישע הענקער און פון פייער. דער קאָמאַנדאַנט פון די ס. ס. און פון דער פּאָליציי אין וואַרשעווער דיסטריקט, פאָן זאַמערן, האָט באַקומען דעמיסיע. זיין פאַרטרעטער איז געוואָרן דער פּאָליציי־גענעראַל סטרופּ.

דעם 3טן ה. ח. האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט די אַזוי־גערופענע „קליינע געטאָ", וואו עס געפינען זיך יידן, וועלכע אַר־בעטן פאַר די דייטשן. די לעצטע טעג האָט מען אַרויסגעפירט אויך יידן, וועלכע וואוינען אין די קאַזאַרמעס ביי איניקע וואַר־שעווער פאַבריקן. דערפון איז צו דרינגען, אַז די דייטשן האָבן באַשלאָסן ענדגילטיק צו ליקווידירן אַלע נאָך לעבן־געבליבענע יידן".

וויכטיקע אינפאָרמאַציעס וועגן פאַרלויף פון די קאַמפן געפינען מיר אויך אין עטלעכע נומערן פון דער סאָציאַליסטישער אונטערער־דישער צייטונג „וו. ר. נ." (ראשי־תיבות פון: וואָלנאָשטש, רוואוונאָשטש, ניעפּאָדלעגלאָשטש — פרייהייט, גלייכהייט, אומאָפּהענגיקייט).

אין אַ נומער פון סוף אַפּריל ווערט דערציילט, אַז די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן אַ סך הייזער אויף דער לעשנאָ גאַס און געהייסן אַרויסציען זיך פון די שכנישע הייזער אויף דער פּוילישער זייט פון לעשנאָ, ווייל זיי זיינען אין געפאַר פאַרכאַפּט צו ווערן פון פייער.

„די דייטשע פאַרניכטונגס־משוגעת האָט איצט דערגרייכט אַן אומפאַרגלייכלעכע פּוריע. זיי האָבן אָפּגעשטעלט דעם צו־פלוס פון וואַסער, גאַז און עלעקטריציטעט און אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן פון עראָפּלאַנען די געטאָ, נוצנדיק צינד־באָמבעס און קליינע אויפרייס־באָמבעס".

ווייטער שרייבט די צייטונג:

„ניט קוקנדיק אויף די מיטלען, מיט וועלכע די דייטשן באַ־נוצן זיך, האָבן זיי קיין סך ניט דערגרייכט. דער יידישער ווי־דערשטאַנד דויערט. די יידישע קאַמף־אָפּטיילונגען האָבן אין זייער רשות אַ גאַנץ־נישקשהדיקן סכום געווער: רעוואָלווערן,

ביקסן, קוילן־וואַרפער און האַנט־גראַנאַטן. די אַקציע פון די יידישע קאַמף־אָפּטיילונגען ווערט אָנגעפירט דורך אַ שטאַב, בראש פון וועלכן עס שטייט אַן אָפיצער פון דער פוילישער אַר־מיי".

אין אַ ווייטערדיקן נומער פון 4 וואָכן שפּעטער (פון 26טן מאַי) שרייבט די „וו. ר. ב.":

„הגם ס'זיינען שוין אַוועק 4 וואָכן זינט דעם אָנהייב פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין דער געטאָ, שטייגט נאָך אַלץ דער רויך איבער דעם צפון־טייל פון שטאָט. מען קען נאָך הערן אויפרייסן. דאָס זיינען די לעצטע קלאַנגען פון דער שלאַכט. דער גאַנצער ראַיאָן איז פאַרברענט און אונטער די חורבות ליגן יענע, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט אונטערצוגעבן צו די תלינים אין אַ קאַמף.

ס'איז שווער פעסטצושטעלן די צאָל טויטע. מעגלעך, אַז צווישן 25 און 30 טויזנט זיינען דערהרגעט געוואָרן. זיי זיינען אומגעקומען, אויסקלייבנדיק אַ טויט, וואָס איז אַן ערך מער ווירדיק ווי יענער, וואָס איז דער גורל פון זייערע דעפּאָרטירטע און געמאָרדעטע ברידער אין טרעבלינקאָ און בעלזשעץ.

זיי זיינען געפאַלן קעמפנדיק. באַהערשט האָט זיי יענער גייסט פון וואַרשע, וואָס האָט שטענדיק געפירט די בירגער פון דער פוילישער הויפּט־שטאָט אויפן וועג פון כבוד צום קאַמף".

ווייטערע וויכטיקע פּרטים וועגן פאַרלויף פון די קאַמפן זיינען אָנגעקומען אין באַריכטן פון דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג.

אין איין באַריכט ווערט דערציילט:

„דער ערשטער פּעריאָד פון ווידערשטאַנד האָט געדויערט בערך אַ וואָך צייט. דעמאָלט איז די גאַנצע אַקציע פון די קעמפער געווען אָרגאַניזירט ווי איין געשלאָסענע איינהייט, וואָס נעמט אַרום כמעט דעם גאַנצן שטח פון דער געטאָ. דער יידישער ווידערשטאַנד איז געווען אויסגעצייכנט פּלאַנירט. דעריבער האָט ער געגעבן גוטע רעזולטאַטן, הגם די דייטשן האָבן געהאַט אַ גרויסע איבערגעוויכט פון כוחות און געווער.

אין די ערשטע טעג פון די קאַמפן האָבן די דייטשן געליטן פּילבאַרע פאַרלוסטן. זיי האָבן געצאָלט מיט הונדערטער געהרגעטע און פאַרוואונדעטע. אַ פּאָר מאָל זיינען די דייטשן

אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון געטאָ. אין דער ערשטער וואָך האָט די אַקציע געטראָגן אַ כאַראַקטער פון רעגולערע קריגס־אָפּעראַציעס. פון געטאָ האָט מען כסדר געהערט אַ געוואַלטיקע קאַנאָנאַדע.

צוליב די פּילבאַרע פאַרלוסטן, וואָס די דייטשן האָבן געליטן אין די ערשטע טעג פון די שלאַכטן, האָבן זיי דעם 21טן אַפּריל געביטן די טאַקטיק. זיי האָבן אָנגעהויבן שטופּנווייז צו באַקעמפן די ווידערשטאַנד־פּונקטן מיט דער הילף פון פייערן (זיי האָבן באַנוצט צינד־באָמבעס פון עראָפּלאַנען, גראַנאַטן און פלאַמען־וואַרפער). מען האָט אויך באַנוצט אַ באַדייטנדן סכום אַרטילעריע. צוליב דער דאָזיקער טאַקטיק האָבן אין פאַרשידענע געגנטן פון געטאָ זיך פונאַנדערגעפלאַקערט שריפות. צוליב סטראַטעגישע טעמים האָבן די דייטשן אויך אונטערגעצונדן די אַרישע הייזער אויף דלוגע גאַס, מחוץ דער געטאָ. אויף די גאַסן, וואָס רינגלען אַרום די געטאָ, האָבן די דייטשן אַוועקגעשטעלט אַ סך האַרמאַטן. אויף די דעכער פון די שכנישע הייזער זיינען געשטאַנען שווערע קוילן־וואַרפער. אויף אַזאַ אופן האָבן זיי געוואַלטיק אַטאַקירט די באַלאַגערטע יידן.

אויפן שטח פון געטאָ גופא זיינען די דייטשע אָפּטיילונגען אַריין נאָר ביי טאָג. אין די נעכט האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן אויסער די ווענט פון געטאָ. זיי האָבן זיך דעמאָלט באַגנוגנט מיט אַ גענויער אָבסערוואַציע און כסדרדיקער באַשיסונג.

די יידישע קעמפער האָבן אַדורכגעפירט אַ רייע דערפאָלגרייכע אָנגריפן אויסער זייערע אייגענע פאַרפעסטיקונגען. נאָך אַ פּאָר טעג פון קאַמף האָבן, צוליב דער אומגלייכקייט פון די מיטלען, די כוחות פון די געטאָ־פּאַרטיידיקער אָנגעהויבן שוואַכער ווערן. די דייטשן האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן פּרואוון צו פאַרניכטן אָדער דעראָבערן באַזונדערע הייזער.

דעם 23טן אַפּריל האָבן די דייטשן דעראָבערט אַ טייל פון געטאָ. נאָכדעם האָט דער הויפּט־קאַמף זיך איבערגעטראָגן ווייטער אויף צפון; אָבער אויך אויפן בהדרגהדיק־אָפּגערייניקטן מיטלען און אויסערן טייל פון געטאָ האָבן די יידישע קעמפער ווייטער געפירט אַ שאַרפן פאַרטיזאַנישן קאַמף. די הויפּט־כוחות פון די קעמפער האָבן זיך דעמאָלט קאָנצענטרירט אויפן שטח נאָענט פון דער אָקאָפּאָווע און אויפן וועג קיין פּאָוואָנזעק. אויפן

דאָזיקן שטח האָבן דייטשע עראָפּלאַנען געוואָרפן צינד־באָמבעס. די יידישע קעמפער האָבן געענטפערט מיט אונטערצינדן די גרויסע פאַבריקן, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די דייטשן אין די מיליטערישע מאַגאַזינען.

נאָך אַ לאַנג־דויערנדיקער אַקציע פון אַרטילעריע און טאַנקען איז די דייטשן געלונגען זיך אַריינצורייסן אין צפון־טייל פון געטאָ.

די יידישע קעמפער זיינען דעמאָלט אַריבער צו אַן אַנדער פאָרם פון אַקציע — צו פּאַרטיזאַנישע קאַמפן. ווי גרויס ס'איז געווען דער פאַרנעם פון דער אַקציע, בעת די יידן זיינען אַריבער צו פּאַרטיזאַנישע קאַמפן, קאָן מען זען פון פאַקט, וואָס דעם 28טן אַפּריל האָבן מצד די דייטשן זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן 6 טויזנט מאַן, גלענצנדיק באַוואָפנטע, וועלכע האָבן זיך באַנוצט מיט אַ גרויסער צאָל שווערע קוילן־וואַרפער, האַרמאַטן, פלאַמען־וואַרפער, געפּאַנצערטע אויטאָס, טאַנקען און עראָפּלאַנען.

די יידישע פּאַרטיזאַנען האָבן אַנגעגריפן די דייטשן דער עיקר אין די נעכט. אָפט האָבן זיי דורכגעפירט זייער גרויסע און ערנסטע אָנפאַלן. בייטאָג אָפּערירן זיי בעיקר אין מאָמענטן, ווען די דייטשן פּרואוון זיך אַריינצורייסן אין די יידישע הייזער און באַהעלטענישן.

בעת דער באַריכט ווערט געשריבן, ביים סוף פון דער 5טער וואָך פון דער דאָזיקער יידיש־דייטשער מלחמה, האָבן יידן נאָך ניט רעזיגנירט פון פּאַרטיזאַנישן ווידערשטאַנד און פירן אים פאַרביסן ווייטער. איינער פון די באַוויזן פונם ווייטערדיקן קאַמף זיינען די קאַרטעקעס פון רויטן קרייץ, וואָס פירן אָפט פון געטאָ דערהרגעטע אָדער פאַרוואונדעטע דייטשן.

אין דאָזיקן ניט־גלייכן קאַמף רייסט די אויגן די מורא פון די דייטשן, וועלכע איילן זיך ניט אַריינצוגיין אין די הייזער, אויב אַפילו אַ שטאַרקע באַשיסונג רופט ניט אַרויס קיין שום ענטפער פון אינעווייניק. זייער פאַמעלעך, מיט גרויס פאָרזיכט, רוקן זיי זיך פאָרויס טיפער אין די גאַסן. צוליב דעם דאָזיקן טעם ווערט די „פּאַציפיקאַציע" פון געטאָ געפירט אין אַ זייער פאַמעלעכדיקן טעמפּאָ. די „פּאַציפיקאַציע" קומט פאָר אויפן פאָלגנדיקן אופן: מען צינדט אונטער די הייזער, אין וועלכע די יידן באַהאַלטן

און פאַרטיידיקן זיך. באַזונדערע הייזער ווערן אויפגעריסן פון מינעס; קעלערן ווערן פאַרגאָסן מיט וואַסער. אין דער איצ־טיקער סטאַדיע פון קאַמף הערט מען בייגאַכט קאַנאָנאַדעס; דאָס געשעט, ווען יידישע קעמפער פירן דורך זייערע אָנפאַלן. ביי־טאָג ווערן אונטערגעצונדן גאַנצע הייזער־בלאָקן.

בעת דער יידיש־דייטשער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן זיינען אין וואַרשעווער געטאָ געווען 40 טויזנט יידן. נאַטירלעך, אַז בלויז אַ טייל פון זיי האָט זיך געפונען אין די רייען פון די באַ־וואָפנטע קעמפער, וועלכע זיינען געווען דעצידירט אויף אַ בלוי־טיקן ווידערשטאַנד. בעת די דייטשע אָפטיילונגען האָבן פאַר־נומען גאַס נאָך גאַס, האָבן זיי אַ טייל פון דער פּאַסיווער מאַסע יידן אויסגעמאָרדעט און די מערהייט האָבן זיי געצוואונגען צו שטעלן זיך אויף באַשטימטע פּונקטן אויף אַוועקצופירן.

שוין דעם 29טן אַפּריל האָט מען באַרעכנט, אַז בערך 2 טויזנט יידן זיינען געפאַלן אין קאַמף אָדער זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אין די דירות און קעלערן, און 3 טויזנט יידן זיינען פאַר־ברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט אין די הייזער, וואָס די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן.

אין די טעג פון 2טן ביזן 5טן מאַי האָבן די דייטשן אַרומ־גערינגלט און נאָכדעם באַהערשט די אַזוי־גערופענע קליינע געטאָ (צווישן די גאַסן זשעלאַזנע, טוואַרדע און פּראָסטע). זיי האָבן פון דאָרט אַרויסגעפירט בערך 3 טויזנט יידן. בכלל האָבן ביזן איצטיקן מאָמענט זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן איבער 20 טויזנט יידן. מען פירט זיי אַרויס פון וואַרשע מיט דער באַן אין דער ריכטונג פון מזרח. די רעשט באַהאַלט זיך נאָך אין די אונטערערדישע היילן אין שוועער־צוגענגלעכע קעלערן און קאַנאַלן.

שוין 5 וואָכן צייט, ווי פּלאַנמעסיק, סיסטעמאַטיש ווערט הויז נאָך הויז, גאַס נאָך גאַס אונטערגעצונדן און צעשטערט. דער יידישער טייל פון וואַרשע ווערט אָפּגעמעקט.

פון צייט צו צייט, בייטאָג אָדער בייגאַכט, דערטראָגט זיך פון געטאָ אַ געוואַלטיקער אויפרייס. מיט דער הילף פון מינעס רייסן אויף די דייטשן הייזער, וואו עס באַהאַלטן זיך נאָך יידן. דעם 17טן מאַי האָבן די דייטשן אויפגעריסן דעם בנין פון דער סינאַגאָגע אויף דער טלאָמאַצקע גאַס.

לויט דער מיינונג פון ספעציאַליסטן, איז די איצטיקע שריפה פון וואַרשעווער געטאָ איינע פון די גרעסטע אין דער געשיכטע פון אייראָפּע. דאָס מאַסנווייזע אויפרייסן אין דער לופטן הייזער האָט ניט צו זיך קיין גלייכן אין דער געשיכטע. ביז איצט האָבן די דייטשן פאַרברענט אין געטאָ הונדערטער הייזער. אויך די איבערגעבליבענע הונדערטער הייזער זאָלן ווערן פאַרברענט און פאַרניכטעט.

וואַרשע וועט פאַרלירן 100 טויזנט צימערן, בערך 2 טויזנט פאַבריקן און וואַרשטאַטן צוזאַמען מיט די איינריכטונגען, ווי אויך בערך 3 טויזנט געשעפטן און קרוב 2 צענדליק גרויסע פאַבריקן, וואָס זיינען נאָך געווען טעטיק אין חודש אַפּריל היי־יאָר.

די איצטיקע „פאַציפיקאַציע" פון געטאָ האָט אָנגעמאַכט אויפן שטח פון וואַרשע באַדייטנד גרעסערע שאָדנס, ווי די קריגס־אָפּעראַציעס און די באַלאַגערונג פון וואַרשע אין 1939. אין סעפּטעמבער 1939 זיינען צעשטערט געוואָרן 78 טויזנט צימערן, וואָס האָט אויסגעמאַכט 10.3 פּראָצענט פון דער פאַר־מלחמהדי־קער צאָל. איצט וועט דער פאַרלוסט זיין בערך 15 פּראָצענט פון דער צאָל צימערן, וואָס וואַרשע האָט ביז איצט געהאַט.

די דייטשן פירן דעם קאַמף מיט די יידן אויף אַן אַכזריות־דיקן אופן. אומעטום וואו די דייטשן געפינען באַהאַלטענע יידן, פירן זיי דורך אַ שחיטה אויפן אָרט.

אין פּראָוויזאָרישן שפּיטאָל אויף פראַנצישקאַנער גאַס האָבן די דייטשן דערשאָסן אין די בעטן אַלע קראַנקע. פיל יידן קו־מען אום אין די ברענענדיקע הייזער. די דייטשן דערלאָזן ניט, אַז די יידן זאָלן אַרויסלויפן פון די פלאַמען, וואָס כאַפּן זיי אַרום. צו די, וואָס רייסן זיך אַדורך, שיסן זיי אָדער זיי טרייבן זיי צו־ריק אין די פלאַמען. געווען פאַלן, ווען פייערלעשער האָבן מיט וואַסער באַשפּריצט יידן, וועלכע זיינען אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס מיט ברענענדיקע מלבושים. די דייטשן האָבן שאַרף רעאַ־גירט דערויף. פון די אַנטלאָפענע, וועלכע מעלדן זיך אַליין צו די דייטשן, טיילט מען אויס די זקנים, קראַנקע און קינדער. די מערהייט דערהרגעט מען אויפן אָרט, די געזונטע פירט מען אַוועק מיט דער באַן.

לויט זיכערע ידיעות האָבן די דייטשן אין אַ רייע פאַלן

באַנוצט גיפטיקע גאַזן קעגן יידן, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן אין אונטערערדישע באַהעלטענישן".

אַ צווייטער באַריכט פון 7טן מאַי 1943 גיט איבער:

„דער ווידערשטאַנד פון דער יידישער קאַמף־אָפּטיילונג, וואָס איז געווען אומדערוואַרט שטאַרק, האָט איבערראַשט די דייטשן. זיי זיינען געווען געצוואונגען אַריינצופירן אין קאַמף פיל אָפּטיילונגען פון זשאַנדאַרמעריע, ס. ס., ווי אויך אוקראַאינישע און לעטישע הילף־פאָרמאַציעס.

... אַלע יידן, וועלכע האָבן זיך פּרייווילִיק אונטערגעגעבן, זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן אין דער ריכטונג פון לובלין. פיל פון זיי זיינען אַרויסגעשפּרונגען פון די צוגן. זיי זיינען געבליבן ליגן פאַרוואונדעט אָדער האָבן געפונען אויף אַזאַ אופן דעם טויט. אַ טייל איז ביים אַרויסשפּרינגען פון די צוגן דערשאָסן געוואָרן דורך דער וואַך. עס קומען פאָר אָבלאַווּעס צו כאַפּן יענע, וועמען ס'איז פאַרט געלונגען צו אַנטלויפן. בעת די קאַמפן איז אַ טייל יידן געלונגען אַרויסצורייסן זיך פון דער געטאָ און זיי געפינען זיך אַרישן טייל ווארשע. כדי זיי צו כאַפּן, קומען פאָר רעוויזיעס און אָבלאַווּעס".

אין אַ ווייטערדיקן באַריכט ווערט דערקלערט, אַז בעת די קאַמפן אין געטאָ זיינען באַענט פון די געטאָ־מויערן, אויף דער אויסערלעכער זייט, געוואָרן דערהרגעט אָדער פאַרוואונדעט אויך פיל פּאָליאַקן. ווייטער דערציילט דער באַריכט:

„די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אויפרייסן די אַרויסגאַנגען פון די קאַנאַלן, דורך וועלכע יידן האָבן געפּרואווט אַנטלויפן הינטער דער שטאָט. מען האָט אויך פּאַטראָלירט און רעווידירט די שכנישע קוואַרטאַלן. די געכאַפּטע האָט מען דערמאָרדעט אויפן אָרט. אויף אַזאַ אופן האָט מען פון 19טן אַפּריל ביזן 5טן מאַי היי־יאָר דערמאָרדעט בערך 3 טויזנט פּערזאָן פון יידישער אָפּשטאַמונג.

... 15 טעג נאָכן פאַקטישן באַזיגן די געטאָ האָט מען נאָך אַלץ אונטערגעצונדן הייזער, אַפילו אַזעלכע, וואו ס'זיינען בכלל קיין קאַמפן ניט פאָרגעקומען. מען דראָט אונטערצוציגדן די גאַנצע לעשנע גאַס. דער רויך פון די שריפות האָט אַ רייע טעג פול געמאַכט די לופט פון דער גאַנצער שטאָט. אין די נעכט

האָט מען די פלאַמען געזען צענדליקער קילאָמעטער אַרום וואַרשע.

אין די קעלערן געפינען זיך וואַרשיינלעך הונדערטער פאַרקוילטע אָדער דערשטיקטע גופים. לויט די שאַצונגען קען מען אָננעמען, אַז פון אייזערנעם רינג פון די קוילן און פייערן זיינען שוין ניט אַרויס אַמווייניקסטנס 5 טויזנט מענטשן. די איבעריקע זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשן".

דער זעלביקער באַריכט דערציילט, אַז די לעצטע 40 טויזנט יידן אין דער וואַרשעווער געטאָ זיינען באַשטאַנען הויפּטזעכלעך פון אַרבע־טער און יוגנט. לכתחילה האָט מען זיי געפּרואווט איינרעדן, אַז זיי זאָלן זיך פרייוויליק מעלדן צום אָפּפאָר.

„די מערהייט יידן האָט אָבער אָפּגעוואָרפן די אַלע אַפּילן וועגן מעלדן זיך צום אָפּפאָר. באַזונדערס איינגעשפּאַרט איז געווען די יוגנט פוןביידע געשלעכטער, וועלכע האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט, אַז מיט יעדן טריט מחוץ די מויערן פון דער געטאָ דערנענטערט מען זיך בלויז צום טויט. די דאָזיקע יוגנט, וואָס האָט געבילדעט די איבערוויגנדיקע מערהייט פון דער איבער־געבליבענער באַפעלקערונג אין דער געטאָ, האָט בעסער געוואָלט אַ פאַסיוון, עווענטועל אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד, אַבי ניט צו פאַרלאָזן די מויערן, וואָס האָבן פאַר איר אויסגעזען ווי אַ ציטאַ־דעל".

אויך דער אונטערערדישער „ראָבאָטניק" (פון 20סטן יוני 1943) אַקצענטירט די פירנדיקע ראָלע פון דער אַרבעטערשאַפט און יוגנט אין יידישן אויפשטאַנד. אין אַרטיקל „די געטאָ האָט געקעמפט אונ־טער דער אָנפירונג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט" ווערט דערציילט וועגן אָנהייב פון קאַמף אין די אַפּריל־טעג:

„דער ערשטער דיסאָנאַנס אין נייעם סטאַביליזירטן צו־שטאַנד איז געווען דער אינצידענט אין דער געגנט פון ניזקע־דזשיקע־סטאַווקי. אַ גרופּע טראַנספּאָרט־אַרבעטער, וואָס איז פאַרטשעפּעט געוואָרן, האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. מצד די דייטשן זיינען געפאַלן קרבנות. די יידישע אַרבעטער האָבן דעמאָלט ביי די דייטשן צוגענומען געווער, אָבער ביי ניט־גלייכע כוחות זיינען זיי געצוואונגען געווען אָפּצוטרעטן. כדי מען זאָל זיי ניט כאַפּן ביים אַנטלויפן, זיינען זיי געלאָפן דורך חורבות, דורך וועגן, וואָס זיינען נאָר זיי געווען באַקאַנט, און דערביי גע־

מאַכט די ערשטע לאָקאַלע שריפות צו פאַרטיידיקונגס־צוועקן. די ערשטע שלאַכט איז געוואונען געוואָרן.

אין מאָמענט פון דער דייטשער הויפט־אָפענסיווע זיינען די יידן געווען כמעט גרייט; לכל הדעות אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זיי האָבן עס געקענט טאָן מיט אייגענע כוחות. די טאַטן פון די טראַנספּאָרט־אַרבעטער, דער געשלאָסענער קעגן־אַנגריף פון די בערשטן־אַרבעטער, די פאַרברענטע טאַנקען און געפּאַנצערטע אויטאָס, דאָס אַנטוואָפענען און אַראָפּציען די מונדירן פון די ס. ס.־לייט — דאָס זיינען די עטאַפּן פון קאַמף אונטער דער אָנפירונג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט״.

דער זעלביקער נומער „ראַבאָטניק״ פאַרעפנטלעכט אויך צוגאָב־ידיעות וועגן די געשעענישן, וואָס זיינען פאַרויסגעלאָפן דעם אַפּריל־אויפשטאַנד:

„אַ קאָנפערענץ פון אַלע פירמעס, וואָס באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער, איז צענויפגערופן געוואָרן פאַר דער „לעצטער פאַר־מעסטונג״. אויף יענער קאָנפערענץ האָט מען געמאָלדן, אַז אין דער נאָענטער צוקונפט וועט וואַרשע ווערן „יידן־ריין״. די פאַשיסטישע קולטור־טרעגער האָבן זייערע יידישע קרבנות באַ־פוילן אַזוי זיך צו האַלטן, אַז מען זאָל אויסמיידן „איבעריקע בלוט־פאַרגיסונג״, דאָס הייסט, אַז שוין דעמאָלט האָט מען זיך גערעכנט מיט דער מעגלעכקייט פון ווידערשטאַנד״.

וועגן די לאַגע פון די יידן, וואָס זיינען געבליבן לעבן נאָך די אַפּריל־קאַמפן, אינפאָרמירט די אונטערערדישע פוילישע דעמאָקראַ־טישע צייטונג „נאָווע דראָגי״ פון 21טן יוני 1943. די צייטונג שרייבט:

„דער געטאָ־ווידערשטאַנד קעגן די איבערוועגנדיק־שטאַר־קערע דייטשע כוחות האָט ניט געדויערט לאַנג און איז אומ־ברחמנותדיק דערטרונקען געוואָרן אין בלוט. אָבער אַפילו נאָך די הויפט־שלאַכטן האָבן מענטשן זיך נאָך באַהאַלטן אין לאַבירינט פון די חורבות, וואָס זיינען געבליבן פון דער באַלאַגערונג אין סעפּטעמבער 1939, אין קעלערס און אין אונטערערדישע טו־נעלן, ווי אויך אין ספּעציעל־אויסגעבויטע באַהעלטענישן. אַ טייל פון די דאָזיקע מענטשן זיינען אומגעקומען אין קאַמף מיט די פאַרויסמאַרשירנדיקע נאַציס; אַנדערע האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן פון געטאָ. די, וואָס זיינען געבליבן, האָבן זיך

פאַרבאַריקאַדירט אין אונטערערדישע ערטער, מיטנעמענדיק די שפייז־זאַפּאַסן, וואָס זיי האָבן געהאַט, האָפנדיק אויסצוהאַלטן חדשים, ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן".

## וואָס דערציילן די יידישע קעמפער?

די ערשטע ידיעות דירעקט פון קאַמפס־פראָנט אין וואַרשעווער געטאָ זיינען געוואָרן אַרויסגעשיקט פון וואַרשע דעם 18טן אַפּריל צו די יידישע פאַרשטייער אין לאָנדאָנער פּוילישן נאַציאָנאַל־ראַט, שוואַרצבאַרד און זיגלבוים. דער דאָזיקער אַפּיל פון יידישן קאָאָרדינאַציע־קאָמיטעט (יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט און „בונד") איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן ערשט דעם 30טן מאַי.

דער אַפּיל לויטעט:

„היינט איז דער ביינטער טאָג זינט די געטאָ האָט אָנגעהויבן צו קעמפן קעגן רעגולערע אָפּטיילונגען פון דער נאַצישער אַרמיי. אַרטילעריע און פלאַמען־וואַרפער ווערן גענוצט. עראָפּלאַנען האָגלען מיט צינד־באָמבעס איבער 40,000 יידן געפינען זיך נאָך אין דער געטאָ.

די נאַציס רייסן אויף דורך מינעס גאַנצע בלאָקן מיט הייזער, וואו די איינוואוינער האַלטן אָן זייער ווידערשטאַנד. די גאַנצע געטאָ ברענט און דער רויך האָט איינגעוויקלט די גאַנצע שטאָט. די מענער, פרויען און קינדער, וועלכע זיינען ניט פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט, ווערן מאַסנווייז אויסגעקוילעט.

די יידן קעמפן מיט אַן אומגעוויינלעכער מסירת־נפש. אַ טויזנט נאַציס זיינען געוואָרן געטויט אין די שלאַכטן. עס זיינען אויך אונטערגעצונדן געוואָרן נאַצישע מיליטערישע פאַבריקן און אַמוניציע־סקלאַדן. די פּוילישע באַפעלקערונג באַוואונדערט דעם העלדישן גייסט פון יידישן ווידערשטאַנד, בעת די נאַציס זיינען ווילד פון בושה און צאָרן.

די יידישע קעמפנדיקע אָרגאַניזאַציעס האָבן אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמאַציע צו דער פּוילישער באַפעלקערונג פון וואַרשע".

דער אַפּיל פאַרענדיקט זיך מיט די ווערטער:

„בלויז די מאַכט פון די פאַראייניקטע פעלקער קאָן העלפן באַצאָלן די נאַציס פאַר דעם אומדערהערטן פאַרברעכן. דער העראָאישער ווידערשטאַנד פון די פאַראורטיילטע זין פון דער געטאָ מוז אויפוועקן דאָס געוויסן פון דער וועלט".

אַ צווייטער אַפּיל פון „בונד", אַרויסגעשיקט פון וואַרשע דעם 11טן מאַי צו שמואל זיגלבוימען, לאָנדאָן, לויטעט:

„דער הערֹאָישער ווידערשטאַנד פון דער וואַרשעווער געטאָ ווערט פאַרגעזעצט. אייניקע שטאַרק־באַשיצטע פונקטן האַלטן זיך נאָך. די יידישע קעמפנדיקע גרופּעס ווייזן אַרויס גרויס קאַמף־געניטשאַפט און מוט. דער פירער פון יידישן „בונד“ קלעפּפיש ,וועלכער איז געווען דער זייל פונם ווידערשטאַנד, איז געפאַלן אין די שלאַכטן ווי אַ העלד.

די נאַצישע נקמה האָט צו זיך קיין גלייכן ניט אין גרויזאַמקייט. טויזנ־טער זיינען פאַרברענט געוואָרן לעבעדיקערהייט. נאָך טויזנטער זיינען דער־שאָסן געוואָרן אָדער אַוועקגענומען געוואָרן אין אומבאַקאַנטע ערטער. די מיטגלידער פון יידישן קהילה־ראַט: ליכטענבאַום, שטאָלצמאַן, וועליקאָווסקי און שערעשעווסקי זיינען דערשאָסן געוואָרן. עטלעכע טויזנט יידן זיינען נאָך פאַרבליבן. טראָץ דער נאַצישער שחיטה עקזיסטירן נאָך די קעמפנ־דיקע גרופּעס.

אין דער פּראָווינץ זיינען אין פיל צענטערס די יידן אינגאַנצן געוואָרן אויסגעראָטן“.

די בריוו פון די „החלוץ“־טוער אין פוילן פון די חדשים אַפּריל־יולי 1943 דריקן אויס די שטימונגען פון פאַרצווייפלונגס־מוט און ביטערער אַנטשלאָסנהייט, וואָס האָט באַהערשט די יידישע יוגנט אין די טעג פון אויפשטאַנד אין וואַרשע, ווען מענטש ליכטיקן ביישפּיל עס האָבן שפּעטער געפאָלגט די יידן אין פיל אַנדערע שטעט און אין די לאַגערן פון אַרבעט און טויט.

דעם 25טן אַפּריל שרייבט פ. צווישן אַנדערן: „נאָך אַן ערנסטן צוזאַמענשטויס זיינען ... און טאָשיע (טאָשיע אַלטמאַן — פירערין פון „השומר הצעיר“) אַוועק וואוינען צו ברענערן (יוסף חיים ברענער; דאָס מיינט: זיי זיינען טויט). דו קענסט זיך פאָרשטעלן אונזער ווייטיק“.

דעם 28טן אַפּריל שרייבט א.: „די הגנה איז שוין באַלד אַזוי גרויס ווי איר שוועסטערקינד קרב (שלאַכט). גוש (זעלבסטשוץ־בלאָק פון פאַרשידענע גרופּעס), דער פאָטער פון הגנה, האָט געבעטן א׳ן, ער זאָל זיין דער פאַראַנטוואָרטלעכער אין איר דערציען. ער האָט איר גע־קויפט אַ סך שפּילצייג (געווער) און זי שפּילט זיך מיט זיי זייער שיין. הגנה רעדט אָפט מיט מאָוואָסעצקי (מות — טויט).

6טער יוני 1943. ווידער אַ בריוו פון א.׳ן: „אין מיין לעבן זיינען פאָרגעקומען לייכטע ענדערונגען. כ׳בין געווען קראַנק און כ׳האָב ווי־דער געהאַט אַ בלוט־שטורץ. איך ווייס ניט, וואָס עס וועט זיין מיט מיין געזונט אין דער צוקונפט. צ. וואוינט צוזאַמען מיט מיר. טאָשיע איז געשטאָרבן דאָ ניט לאַנג. אַ גרוס פון הגנסקי׳ן האָסטו מסתמא באַ־קומען. אויף מיר פּאַסט איצט אויף נוצרעווסקי (נוצרי — קריסט).

איך בעט איבערצושיקן האַרציקע גרוסן צו זהירסקי'ן (זהיר — צו זיין פאַרזיכטיק) . . . איך גריס פון טיפן האַרצן דיך און מאַדאַם מולד'צקה" (מולדת — פאַטערלאַנד).

אין אַ בריוו פון 7טן יוני פון אויבער־שלעזיע שרייבט ר—ה:
„איך בין דאָ איינע אַליין. דו פרעגסט וועגן דיין פאַמיליע און קרובים. שכנא (זאַגאַן — פירער פון די לינקע פועלי ציון) און זיינע קינדער (חברים) וואוינען איצט ביי פּרצן און דינעזאַנען (זיי לעבן ניט מער). זיין ברודער וואוינט אין וואַלד. מיט מיר געפינען זיך בלויז זיינע שוועסטערקינדער".

אין אַ בריוו פון „דרום־מערב־פוילן" פון 17טן יוני ענטפערט נ. אויף דער פראַגע, וואו עס געפינט זיך א. (פון וואַרשע) — אַ נאָמען, וואָס ווערט אָפט דערמאָנט אין די בריוו: „א. איז, אַ דאַנק גאָט, געזונט. ער געפינט זיך צוזאַמען מיט חלוץ ביי . . . (אַ פּאַרטיזאַנען־גרופּע), אָבער, צום באַדויערן, ווייס איך ניט זיין אַדרעס. איך ווייס אויך ניט, וואו עס זיינען ר. און י. (וואַרשע). איך וועל זיך באַמיען געוואויר צו ווערן, צי זיינען זיי אין קברוב (קבר — געשטאָרבן) אָדער אין אַן אַנדער פּלאַץ".

אין אַ בריוו פון דער זעלביקער געגנט קומט אַן ענטפער אויף אַ פראַגע וועגן חברים פון „השומר הצעיר": „וועגן טאָשיען האָסטו אַוודאי געהערט — זי איז, צום באַדויערן, אַוועק פון אונז. אירע ברידער און שוועסטער פון הנהגה (הויפּט־לייטונג פון „השומר הצעיר") האָבן זיך איבערגעקליבן צו יוספן (יוסף קאַפּלאַן — דערמאָרדעטער פירער פון „השומר הצעיר").

אין אַ בריוו פון 17טן יולי 1943, געחתמעט דורך 5 פּערזאָן און אַרויסגעשיקט פון „דרום־מערב־פוילן", ווערט דערציילט גענויער וועגן דער וואונדערבאַרער טעטיקייט פון די חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין פוילן ביז ס'איז געקומען דער פּעריאָד פון פולשטענדיקער יידן־פאַרניכטונג און דער העלדישער פינאַל — די אויפשטאַנדן אין וואַרשע און אין דער פּראָווינץ.

דער בריוו לייענט זיך:

„טייערע חברים:

נאָך אַ לאַנגן וואַרטן האָבן מיר היינט, מיט פריידיקן ציטער, דערהאַלטן אייערע בריוו דורך . . . צום באַדויערן, איז ער גע־קומען אַ ביסל צו שפּעט. אַ לאַנגע צייט האָבן מיר געהאָפט אויף דער מעגלעכקייט אייך צו דערציילן וועגן אונזער לעבן און קאַמף.

אין אָנהייב פון דער מלחמה האָבן מיר, אין משך פון אָנדערטהאַלבן יאָר אויסגעבויט אַ גרויסע נעץ פון הכשרה־פונקטן, און מיר האָבן געהאַט מעכטיקע יוגנט־באַוועגונגען, שטאַרקערע און שענערע ווי אין די נאָרמאַלע יאָרן. אָבער מיט אָנדערטהאַלבן יאָר צוריק האָט זיך, צום באַדויערן, אָפּגעשטעלט יעדע נאָרמאַלע טעטיקייט. נאָך דעם פעריאָד פון דער אָרגאַניזירונג פון די געטאָס — איז געקומען די סיסטעמאַטישע פאַרניכטונגס־אַקציע. דער אָנהייב איז געמאַכט געוואָרן אין וואַרטעגאַו (די ראַיאָנען לאָדזש און פויזן). אַרום 80 טויזנט יידן זיינען פאַרסמט געוואָרן דורך גאַז (אויפן אָפיציעלן לשון הייסט עס „אויסזידלונג"). אין לאָדזש גופא איז געבליבן אַ הערמעטיש־פאַרשלאָסענער קליינער יידי־שער קיבוץ, 40,000 נפשות, וואָס גייט אויס פון הונגער. אין דעם מאָמענט האָבן מיר ניט פון דאָרט קיין שום ידיעות. דער פאַרניכטונגס־צענטער טראָגט דעם נאָמען כעלמנאָ. נאָכדעם איז געקומען די פאַרניכטונג פון די יידן אין באָנאַרי. אין ווילנע, קאָוונע, שאַוועל זיינען פאַרבליבן 20,000 נפשות. אין דער לעצ־טער צייט האָבן מיר ניט פון זיי קיין שום ידיעות. עס ווייזט אויס, אַז ליטע איז „יידן־ריין"...

מיר האָבן צוגעגרייט אַ זעלבסטשוץ — צום באַדויערן אָן דערפאָלג. אין דעם געביט, וואָס טראָגט דעם נאָמען „גאָוורנ־מענט" (געמיינט: גענעראַל־גאָווערנמענט: וואַרשע, לובלין, טשענ־סטאָכאָוו, קראָקע און די אומגעגנט) זיינען שוין מער ביטאָ קיין יידן — דער גאַז־פאַרניכטונגס־צענטער טרעבלינקאַ, לעבן מאַלקין, האָט געטאָן זיינס. דאָס איז אַ באַרימטער פאַרניכטונגס־צענטער, ניט נאָר פאַר פוילישע יידן, נאָר אויך פאַר יידן פון האָלאַנד, בעל־גיע אאַ"וו.

דער שענסטער קאַפּיטל אין אונזער קאַמף איז געווען — וואַרשע. מיר האָבן אָרגאַניזירט די זעלבסטשוץ. מוראדיקע שלאַכטן זיינען געפירט געוואָרן אין געטאָ. צום באַדויערן זיינען געפאַלן בלויז עטלעכע הונדערט פון אונזערע שונאים (אַרום 800). דער רעזולטאַט איז געווען: אַלע יידן זיינען פאַרניכטעט געוואָרן און די געטאָ איז אינגאַנצן חרוב געוואָרן. אין „גאָווערנמענט" עקזיסטירט שוין ניט קיין יידישער ישוב, אויסער דרייצוואַנג־אַרבעט־לאַגערן (טראַווניקי, פּאָניאַטאָוו, נעבן וואַרשע, און פּראָ־קאָטשין, ביי קראָקע), אין וועלכע עס געפינען זיך אַרום 30 טויזנט

יידישע נפשות. אין עטלעכע וואָכן אַרום וועט פון זיי ניט זיין קיין זכר (די לאַגערן אין טראַווניקי און פּאָניאַטאָוו זיינען טאַקע געוואָרן ליקווידירט אין נאָוועמבער 1943. — ל. ש.).

אין . . . זיינען געבליבן . . . עטלעכע טויזנט יידן . . . פון יערים משפחה („השומר הצעיר") איז קיינער ניט פאַרבליבן. טאַשיע, חנה, לאה פערלשטיין, יוסף קאַפּלאַן, מרדכי אַנילעוויטש און אַנדערע הונדערטער, די סאַמע באַענטסטע, זיינען שוין ניט מער צווישן די לעבעדיקע. פון דער משפחה רייס (פועלי ציון) זיינען געבליבן בלויז . . . פון דער משפחה נוער ציוני . . . פון דער משפחה בונד . . . (אין בריוו גופא ווערן אויסגערעכנט די נעמען פון די לעבן־פאַרבליבענע).

אוקראַאינע און פּאָלעסיע זיינען „יידן־ריין". אין ביאַליס־טאָק געפינען זיך נאָך אַרום 20 טויזנט יידן, וואָס לעבן אונטער פאַרהעלטניסמעסיק בעסערע באַדינגונגען. דער לובלינער קרייז איז אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן דורך גאַז אין בעלזשעץ און אין סאָביבאָר.

דער איינציקער יידישער ישוב, וואָס האָט זיך נאָך ביז איצט געפונען אונטער פאַרהעלטניסמעסיק גוטע באַדינגונגען, איז גע־ווען די מזרחדיקע אויבער־שלעזיע. אָבער מיט דריי וואָכן צוריק זיינען פון דאָרט אַרויסגעשיקט געוואָרן זיבן טויזנט יידן. מען פאַרניכטעט זיי דורך שיסן און פאַרברענען אין אָשוויענטשים. אין משך פון די באַענטסטע וואָכן וועט דער דאָזיקער ראַיאָן אויך זיין „יידן־ריין". אַז איר וועט באַקומען דעם דאָזיקן בריוו, וועט שוין קיינער פון אונז ניט זיין צווישן די לעבעדיקע. — — — פון דעם לעצטן טראַנספּאָרט (דעפּאָרטירטע) האָבן מיר ביז היינט ניט באַקומען קיין שום ידיעות. פאַרקערט, מיר זיינען זיכער, אַז מען האָט זיי אַוועקגעפירט קיין אָשוויענטשים. — — — איך האָב אַליין באַזוכט די אַלע געגנטן, וועגן וועלכע איך שרייב, און האָט מיט די אייגענע אויגן צוגעזען די פאַרניכטונגס־טעטי־קייטן . . .

טוט אַלץ וואָס איר קאָנט. איך צווייפל, צי איר וועט אונז נאָך קאָנען העלפן, ווייל דאָס זיינען אונזערע לעצטע טעג.

אין אַלע אונזערע יוגנט־באַוועגונגען געפינען זיך היינט־צו־טאָג ניט מער ווי עטלעכע הונדערט... אונזער האָפענונג זיך צו טרעפן מיט מולדת וועט, צום באַדויערן, ניט מקוים ווערן. אַ האַרציקן גרוס צו טאַבענקין, אליעזר (גראַוויצקי), בענדערסקי (פון „קבוץ המאוחד"), יערי (פון „השומר הצעיר"), קאָלאָדני, גאָלדשטיין („הנוער הציוני" און „עקיבא"), פנחס (לוביאַניקער, פון „גורדוניה") און אַלע נאָענטע. מיר שרייבן אייך אין איילעניש — — — מיר האָבן מער ניט קיין כוח און קיין געדולד צו שרייבן ווי מיר וואָלטן געוואָלט און געדאַרפט.

מיט האַרציקן גרוס,

(פינף אונטערשריפטן)"

פירושים צו די דאָזיקע בריוו — דאָקומענטן פון אַ געוואַלטיקער לעבנס־עקשנות, מוט, אהבת ישראל און גליענדיקער בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל — זיינען, דאַכט זיך, איבעריק. זיי רעדן פאַר זיך.

עטלעכע חלוצים איז געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון פוילן. זיי האָבן מיטגעטיילט דער יידישער עפנטלעכקייט נייע פאַקטן וועגן די העראָאישע טעג פון וואַרשעווער יידישן אויפשטאַנד.

איין באַריכט איז פון אַ חלוץ, וועלכער איז געווען אין וואַרשע די גאַנצע צייט פון אויפשטאַנד און האָט אויסגעפירט די מיסיע פון אַ קוריער צווישן די פוילישע פאַרטיזאַנען און די יידישע קעמפער אין געטאָ. זיין באַריכט איז געוואָרן דערהאַלטן אין יידישן וועלט־קאָנגרעס דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ פאָרשטייער פון קאָנגרעס אין אַ נייטראַל לאַנד.

דער באַריכט גיט איבער, ווי אין דער ערשטער נאַכט פון פסח זיינען אַריינגעקומען די נאַציס אין געטאָ אויף 6 טאַנקען און גענומען אָפּשליסן איין גאַס, כדי אַרויסצופירן פון דאָרט די יידן צו דעפּאָרטאַ־ציע. די דייטשן זיינען געוואוינט געווען, אַז די יידן זאָלן זיך לאָזן פירן צו דער שחיטה, דערפאַר פלעגן נאָר אַ פּאָר צענדליק נאַציס דורכ־פירן אַ דעפּאָרטאַציע פון צענדליקער טויזנטער יידן. אָבער אין יאַ־נואַר האָט די יידישע יוגנט, מייסטנס די ציוניסטישע, שוין געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. פיל יידישע יוגנטלעכע זיינען דעמאָלט אומגעקו־מען. בכדי איבערצושרעקן די יידן, זיינען די נאַציס אַריין אין דער פסח־נאַכט אין געטאָ אויף 6 טאַנקען. ווען זיי זיינען צוגעקומען צו

דער צענטראַלער גאַס, האָט זיך פון אַלע זייטן דערהערט אַ גרויס שיסעריי. די נאַציס האָבן געפּרואווט אַנטלויפן, אָבער זיי זיינען שוין פון געטאָ ניט אַרויס קיין לעבעדיקע. זיי זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען פון זייערע אויפגעריסענע טאַנקען.

און דעמאָלט איז געגעבן געוואָרן דער סיגנאַל צום אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אין געטאָ. באַלד האָבן זיך באַוויזן אויף די הייזער פון דער געטאָ אויפרופן און מיטטיילונגען, אַז דער אויפשטאַנד איז פּראָ־



דוד ראַדונסקי,

מיטגליד אין צ. ק. פון „התאחדות". געפאַלן אין וואַרשע.

קלאַמירט געוואָרן, און „אַז די יידן וועלן קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט".

די אָנפירער פון אויפשטאַנד זיינען אַרויס אויף די גאַסן און האָבן אָרגאַניזירט דעם קאַמף. יעדער קאַמפּספּעציקער מאַן און פרוי האָט באַקומען געווער. די יוגנט האָט איבערגענומען די וואַך אויף די גאַסן. די גרעסערע הייזער זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאַר־טיידיקונגס־פּאָזיציעס, און דאָרט זיינען קאָנצענטרירט געוואָרן גרע־

סערע גרופּעס קעמפער. פאַר יעדער גאַס איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמאַנדע, און עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ געווער־מאַגאַזין. אין די טויערן און ביי די פענסטער פון די הייזער האָבן די קעמפער זיך אָוועקגעשטעלט גרייט, מיט געווער אין האַנט. אין דער זעלבער נאַכט זיינען אין די גאַסן פון געטאָ געגראָבן געוואָרן „אָקאָפּעס" (טרענ־טשעס) און שוץקעלערן. די קינדער האָבן באַקומען דעם שווערן אויפטראַג צו זיין די שליחים צווישן די קעמפער און ברענגען זיי עסן. זייער טייל אין אויפשטאַנד האָבן די קינדער דורכגעפירט מיט סכנת־נפשות, אָפט אונטער אַ האַגל קוילן. די אַלטע לייט, מענער און פרויען, וואָס האָבן זיך געפונען אין געטאָ אין אַ קליינער צאָל, האָבן איבער־גענומען די אַרבעט אין די קיכן צוצוגרייטן עסן פאַר די קעמפער. דאָס אַלץ איז אָרגאַניזירט געוואָרן שוין אין דער ערשטער נאַכט.

פאַרטאָג האָבן באַזונדערע אָפּטיילונגען אַרומגערינגלט די דייטשע וואַרשטאַטן און מאַגאַזינען. די יידן האָבן צוגענומען די דייטשע מונ־דירן, וואָס יידישע אַרבעטער פלעגן אויספאַרטיקן און פאַרריכטן. אַזוי אַרום זיינען געשאַפן געוואָרן ספּעציעלע אָפּטיילונגען קעמפער, וואָס האָבן געטראָגן דייטשע אוניפאָרמען. יידן זיינען אויך אַריין אין דייטשע מאַגאַזינען פון לעבנסמיטלען און האָבן צוגענומען גרויסע טראַנספּאָרטן שפּייז.

אין דער פרי זיינען אַרויסגעהאָנגען געוואָרן די פענער צום אויפשטאַנד. די בלוי־ווייסע פאָן האָט געפלאַטערט צוזאַמען מיט דער פּוילישער (לויט אַנדערע ידיעות האָט אויך געפלאַטערט די רויטע סאָ־ציאַליסטישע פאָן. — ל. ש.).

מיטאָג־צייט, דעם ערשטן טאָג פּסח, איז די געטאָ געוואָרן פאַר־וואַנדלט אין אַ שלאַכטפעלד. מאָטאָריזירטע מיליטער־אָפּטיילונגען אין פולער באַוואָפענונג האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן פון וואַרשע און מאַרשירט צו די טויערן פון געטאָ; אין שפּיץ זיינען געפאָרן 10 טאַנקען. דער קריסטלעכער קוואַרטאַל איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן דורך דייטשע מיליטער־אָפּטיילונגען, וואָס האָבן געבראַכט קוילן־וואַרפערס. פיל פּאָליאַקן זיינען אַרעסטירט געוואָרן אונטערן פאַרדאַכט, אַז זיי זיינען געווען מיטבאַטייליקט ביים צוגרייטן דעם אויפשטאַנד אין געטאָ און אַז זיי וועלן העלפן די יידישע קעמפער. עס איז שטרענג פאַרבאָטן געוואָרן אַרויסצוגיין און אַריינצוגיין אין קריסטלעכן קוואַרטאַל.

אַרום מיטאָג־צייט האָבן זיך דערהערט די ערשטע שאָסן און באַלד האָט זיך צעפלאַקערט אַ געוואַלטיקע שיסעריי. געדיכטע פלאַ־מען רויך האָבן זיך באַוויזן איבער דער געטאָ, שריפות זיינען אויסגע־בראָכן אויף ביידע זייטן. שפּעט אין אָוונט האָבן די דייטשע איבער־געלאָזט צעשטערטע טאַנקען און מאַשין־געווער. די טויערן פון דער געטאָ זיינען אָניפגעריסן געוואָרן. די הייזער ביי די גרענעצן פון דער געטאָ זיינען אַוועק מיטן פייער. די קעמפער האָבן באַצייטנס אָפּגערייניקט די הייזער.

אין אָוונט האָבן די אָנפירער פון אויפשטאַנד אַרויסגעגעבן אַ באַ־פעל אָפּצושטעלן די שיסעריי. די דייטשן, וואָס זיינען נאָך פאַר־בליבן לעבן, זיינען אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די יידישע אָפּטיי־לונגען און גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט.

די נאַכט און אויך צומאָרגנס דעם גאַנצן טאָג זיינען אַריבער אין וויטערדיקע צוזאַמענשטויסן. עס איז געווען קלאָר, אַז די דייטשן האָבן זיך געגרייט צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד ווי אַמגיכסטן, כל־זמן ער איז נאָך ניט אַריבער די גרענעצן פון דער געטאָ און די צענטראַלע מיליטערישע מאַכט האָט זיך נאָך ניט דערוואוסט וועגן דעם. אין דער דריטער נאַכט זיינען דעריבער געמאַכט געוואָרן אַלע אָנשטרענגונגען צו פאַרשטאַרקן די קאַמפּס־כוחות און פאַרטיידיקונגס־מיטלען. אָפּטיי־לונגען פון קעמפער זיינען אַרויס ביינאַכט פון געטאָ און באַפאַלן די געווער־מאַגאַזינען פון דער געסטאַפּאָ. זיי האָבן דערהרגעט די וועכ־טער פון די מאַגאַזינען און צוגענומען דאָס געווער. אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געלאָדן געווער אויף דייטשע לאַסט־אויטאָמאָבילן און גע־פירט אין געטאָ. וואָס עס איז פאַרבליבן אין די מאַגאַזינען, האָט מען אויפגעריסן און פאַרברענט. צענדליקער געסטאַפּאָ־אַגענטן זיינען דערביי אַריינגעפאַלן אין יידישער געפאַנגענשאַפט.

פאַקטיש האָט מען אין דער געטאָ נאָך פריער געהאַט אַריינגע־פירט גרויסע טראַנספּאָרטן געווער, אין דער גרעסטער געהיימניש. דאָס איז געווען פיל לייכטער דעמאָלט, ווען פּוילישע פּאָליציאַנטן זיי־נען נאָך געווען די היטער פון דער געטאָ. אויף פיל לאַסט־אויטאָס האָט מען געפירט אין געטאָ קאַרטאָפל, אונטער וועלכע עס זיינען געלעגן באַהאַלטן באָמבעס, קוילן־וואַרפער, אַנטי־טאַנק־קאַנאָנען, וואָס די געהיימע פּוילישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע האָט אַריינגעשיקט.

אין דער דריטער נאַכט האָבן זיך אויך אָנגעשלאָסן אָן אויפשטאַנד די 6,000 יידישע אַרבעטער, מייסטנס יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך

געפונען אין דער באַזונדערער אַזוי־גערופענער „קליינער געטאָ", אַר־בעטנדיק פאַר דער דייטשער אַרמיי. זיי זיינען געווען אין אַ מער פּריווילעגירטער לאַגע, ווי די יידן פון דער „גרויסער געטאָ", און די דעפּאָרטאַציע האָט זיי געדראָט אין אַ קלענערער מאָס, אָבער די ידיעה וועגן אויפשטאַנד האָט אַרויסגערופן ביי זיי אַן אומגעהייערע באַגייס־טערונג. זיי האָבן אונטערגעצונדן הינטער זיך די דייטשע פאַבריקן אין דער „קליינער געטאָ" און זיך אָנגעשלאָסן אָן אויפשטאַנד. די דאָ־זיקע געשעעניש האָט געשטאַרקט דעם מוט פון די קעמפער פון געטאָ.

די ווייטערדיקע. עטלעכע טעג זיינען דורך שטיל, אָן צוזאַמענ־שטויסן. צווישן דער געסטאַפּאָ און דער אַרמיי איז אויסגעבראָכן אַ קאָנפליקט וועגן דער טאַקטיק פון דערשטיקן דעם אויפשטאַנד. די אַרמיי־קאָמאַנדירן האָבן געהאַלטן, אַז די יידן זיינען אַרויס אין קאַמף באַזונדערס קעגן דער געסטאַפּאָ פאַר אירע רציחות און געוואַלטטאַטן. די געסטאַפּאָ האָט זיך געווענדט צו דער אַרמיי־אָנפירונג נאָך הילף פאַר דערשטיקן דעם אויפשטאַנד. אָבער די קאָמאַנדירן האָבן געזאָגט, אַז זיי מוזן האָבן דערצו אַן אינסטרוקציע פון בערלין. ביז ס'איז געקו־מען די תשובה, האָט דערווייל די געסטאַפּאָ ניט געוואַגט אַליין אָנצונע־מען קיין שריט.

אין דער זיבעטער נאַכט האָבן זיך די אַרעסטאַנטן פון דער „פּאַ־וויאַק"־טורמע געווענדט מיט אַ ביטע, מ'זאָל זיי באַפרייען, און דערפאַר וועלן זיי זיך אָנשליסן אָן די קעמפנדיקע יידן. אין דער טורמע האָבן זיך געפונען אייניקע טויזנט מאַן, ס'רוב יידן און פּאָליאַקן, ווי אויך אַ צאָל דעזערטירן פון דער דייטשער אַרמיי. צומאָרגנס, אין דער 8טער נאַכט נאָכן פּראָקלאַמירן דעם אויפשטאַנד, זיינען 500 קעמפער אַרויס פון געטאָ, אָנגעטאָן אין דייטשע מונדירן, און באַפאַלן דעם „פּאַ־וויאַק". די יידן זיינען אַריין אין דער טורמע און געבראַכט מיט זיך דייטשע מונדירן אויך פאַר די אַרעסטאַנטן. ביז אין דער פרי זיינען אַלע אַרויס פון טורמע. אויך די דייטשע דעזערטירן האָבן זיך אָנגע־שלאָסן אָן אויפשטאַנד, אָרגאַניזירנדיק זיך אין באַזונדערע קאַמפּס־גרופּעס.

די באַפרייאונג פון די אַרעסטאַנטן פון „פּאַוויאַק" האָט צוגעגעבן נייע דערמוטיקונג די געטאָ־קעמפער און האָט אויך אַרויסגערופן פיל באַגייסטערונג ביי דער פּוילישער יוגנט און צווישן די יידן, וואָס האָבן געלעבט מחוץ דער געטאָ אויף „אַרישע" דאָקומענטן. פיל יוגנטלעכע פּאָליאַקן האָבן וואָלונטירט צו קעמפן אין געטאָ. עס האָבן זיך אויך

געמאָלדן פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונגען, וואָס האָבן זיך געהאַט אויפגע־
האַלטן אין די וועלדער.

פון בערלין איז פאַראָרדנט געוואָרן צו פאַרניכטן פולשטענדיק
די געטאָ. פון גאַליציע זיינען קיין וואַרשע אָנגעקומען גרויסע אָפּטיי־
לונגען שטורמיסטן; ס'זיינען אויך אָנגעקומען נייע אַרמיי־פאַרשטאַר־
קונגען. אין דער נאַכט ערב דער גרויסער אָפּענסיווע־שלאַכט האָבן
די נאַציס אַרויסגעשיקט אַן אולטימאַטום צו די יידן אין געטאָ, אַז אויב
די יידן וועלן ניט אָפּשטעלן גלייך דעם קאַמף און ניט אַרויסגעבן די
דייטשע געפאַנגענע, וועלן אַלע אין געטאָ ווערן אויסגעהרגעט. די
אָנפירער פון אויפשטאַנד האָבן געענטפערט נאָר אויף דעם צווייטן
פאַרשלאָג, אַז זיי זיינען גרייט אַרויסצוגעבן די דייטשע געפאַנגענע,
אָבער מיטן באַדינג, אַז די נאַציס זאָלן צוריקגעבן פאַר יעדן דייטש
10 יידן, וואָס דאַרפן באַלד באַפרייט ווערן. אין געטאָ האָבן זיך
דעמאָלט געפונען עטלעכע הונדערט דייטשע געפאַנגענע.

צומאָרגנס אינדערפרי איז די געטאָ געוואָרן אַרומגערינגלט פון
אַלע זייטן מיט טאַנקען און קאַנאָנען, וואָס האָבן געעפנט אַ מורא־
דיקע שיסעריי. די דייטשן זיינען געווען אַנטשלאָסן צו באָמבאַרדירן
די געטאָ אַזוי לאַנג, ביז זי וועט זיך אונטערגעבן. די יידן האָבן באַ־
שאָסן די טאַנקען און קאַנאָנען מיט קוילן און באָמבעס פון אַלע זייטן.
די ספּעציעלע „זעלבסטמאָרד־אָפּטיילונגען" האָבן זיך דורכגעריסן צו
די קאַמפּס־ליניעס פון שונא און דאָרט געמאַכט אַ חורבן. מיט גראַנאַטן
אין די הענט זיינען די העלדישע געטאָ־קעמפער, פאַרקליידט אין
דייטשע מונדירן, אַרונטערגעקראָכן אונטער די נאַצישע טאַנקען און
זיי אויפגעריסן, אומקומענדיק אין דעם פייער צוזאַמען מיט די דייטשן.
דער חורבן אין די ערשטע רייען פון שונא איז געווען אַזוי גרויס, אַז
די נאַציס האָבן דעם טאָג זיך שוין אָפּגעהאַלטן פון גרופירן זייערע קאַ־
נאָנען הינטער די טאַנקען. אַזוי איז פאַרביי דער טאָג אין אַ פאַר־
צווייפלטער שלאַכט. די נאַציס האָבן זיך איבערצייגט, אַז זיי וועלן ניט
קאָנען באַזיגן די געטאָ אָן שווערע קרבנות. הונדערטער דייטשע סאָל־
דאַטן זיינען דעם טאָג אומגעקומען.

די דייטשע קאָמאַנדע האָט דעמאָלט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אויפ־
צורייסן די גאַנצע געטאָ מיט צינד־באָמבעס. גרויסע שריפות זיינען
אויסגעבראָכן פון אַלע זייטן. הייזער האָבן געקראַכט, און צווישן זייע־
רע חורבות האָבן זיך געהערט יללות און וויי־געשרייען פון פאַרוואונ־

דעטע מענער, פרויען און קינדער. פיל העלדישע קעמפער זיינען אומגעקומען צווישן די חורבות.

די געראַטעוועטע נאָך דער גיהנום־נאַכט, אַרום 30,000 מאַן בערך, זיינען צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן פונדאַסניי די פאַרטיידיקונג. די גרעס־נעך־הייזער פון דער געטאָ זיינען אָפּגעליידיקט געוואָרן. דאָס געווער איז איבערגעפירט געוואָרן אין צענטער פון דער געטאָ, די לעבנסמיטלען, וואָס מ'האָט נאָך געקאָנט ראַטעווען, זיינען אויך אַוועקגעפירט געוואָרן. אין די פאַרבליבענע הייזער האָבן זיך ווידער באַפעסטיקט די געטאָ־קעמפער. די שלאַכטן האָבן ווייטער געדויערט אַ גאַנצן טאָג. די דייטשן האָבן געמוזט קעמפן לאַנגע שעה'ן, כדי צו פאַרנעמען איין הויז אָדער אפילו אַ חורבה. אין אָוונט האָט זיך די נאַציס איינגעגעבן אַריינצודרינגען טיפער אין דער געטאָ און צו פאַרנעמען אַ פאָר הויכע הייזער.

די אָנפירער פון אויפשטאַנד, איינזעענדיק, אַז עס דערנענטערט זיך דער טראַגישער סוף, האָבן געפּרוּווט זיך צו פאַרשטענדיקן מיט דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג און איר פאַרגעלייגט אַרויס־צוגיין אין אָפענעם אויפשטאַנד קעגן די דייטשן. פון דער פוילישער זייט איז אָבער געקומען דער ענטפער, אַז פאַר די פּאָליאַקן איז נאָך ניט געקומען די צייט צו פּראָקלאַמירן אַן אויפשטאַנד. ביי אַזאַ לאַגע זיינען די געטאָ־קעמפער איבערגעגאַנגען צו פאַרצווייפלונגס־אַקטן און נקמה־טאַטן. גרופּעס קעמפער פלעגן אַרויסגיין פון דער געטאָ און באַפאַלן די דייטשן. אַנדערע זיינען אַנטלאָפן אין די וועלדער, צו די פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונגען. פיל האָבן זיך אויך אַליין איבערגעגעבן צו די דייטשן אין געפאַנגענשאַפט, האָבנדיק מיט זיך באַהאַלטענע האַנט־גראַנאַטן, וואָס זיי האָבן שפּעטער געשליידערט אויף דייטשע וועכטער, אומקומענדיק אינאיינעם מיט זיי.

די לאַגע אין די לעצטע טעג פון קאַמף איז געווען אַ שוידערלעכע. די לעבנסמיטלען האָבן זיך אויסגעלאָזט; ס'האָט אויסגעפעלט וואַסער. די געטאָ האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ הויפן חורבות... אויף די גאַסן האָבן די נאַציס געהאַנגען אויף די סלופּעס געפאַנגענע יידן.

אויפן 42טן טאָג נאָכן פּראָקלאַמירן דעם אויפשטאַנד איז פאַר־בליבן אין דער געטאָ נאָך איין צענטראַל־הויז פון פיר שטאָק. איבער דעם הויז האָט געפלאַטערט די בלוי־ווייסע פאָן. 8 שעה האָט אָנגע־האַלטן די שלאַכט פאַר דעם הויז. ווען אַלע פאַרטיידיקער פון טויער פון הויז זיינען אומגעקומען און די דייטשן זיינען אַריין אינעווייניק,

האָבן זיי זיך אַנגעשטויסן אויף אַ ווייטערדיקן העלדישן ווידערשטאַנד. ווען דער ערשטער שטאָק איז איינגענומען געוואָרן, האָבן די פאַרבליי־בענע העלדן געקעמפט אויפן צווייטן שטאָק און ווייטער געהאַגלט מיט קוילן אויף די דייטשן. די בלוי־ווייסע פאָן און איר וועכטער — אַ יונגער חלוץ, איז מיטגעטראָגן געוואָרן מיט די פאַרבליבענע קעמפער פון שטאָק צו שטאָק. שפּעט אין אָוונט האָט די פאָן געפלאַטערט איבער דעם לעצטן, פערטן שטאָק, פאַר וועלכן ס'איז נאָך אַנגעגאַנגען דער קאַמף.

ווען די שיסעריי האָט אויפגעהערט, האָט זיך אין דער פינסטער־ניש פון דער נאַכט דערהערט אַ קראַך. דער יונגער חלוץ האָט זיך אַראָפּגעוואָרפן פון פערטן שטאָק, איינגעוויקלט אין דער ווייס־בלויער פאָן.

צומאָרגנס אינדערפרי האָבן די דייטשן אַנגעזאָגט מיט „טריאומף", אַז די וואַרשעווער געטאָ עקזיסטירט ניט מער...

אין פעברואַר 1944 האָבן זיך דורכגעריסן 3 חלוצים פון פוילן און דורך לאַנגע אומוועגן זיך דורכגעשלאָגן קיין ארץ־ישראל. אויף אַ קאָנפערענץ פון „קבוץ המאוחד" אין גבעת ברנר האָבן זיי באַריכ־טעט וועגן דער לאַגע פון יידן אין פוילן און זייערע העלדישע אָפּווער־קאַמפן אין וואַרשע, בענדין, טשענסטאָכאָוו, ביאַליסטאָק א"אַ שטעט.

מיר ווערן געוואויר פון זייערע באַריכטן,*) אַז די זעלבסטשוץ אין וואַרשע איז געוואָרן געגרינדעט אין אָקטאָבער 1942. בעת די קאַמפן אין יאַנואַר 1943 האָבן די יידן געקעמפט קעגן די דייטשן מיט באָמבעס, ביקסן, מיט זודיק וואַסער, מיט פלעשער אָנגעפילט מיט שיס־מאַטעריאַל א"אַ. אַ וויכטיקע ראָלע האָבן אין די אַפּריל־קאַמפן געשפּילט די „באַנקערן", דאָס מיינט: באַהעלטענישן אונטער דער ערד. פון די מלחמה־טעג אין סעפּטעמבער 1939, ווען וואַרשע איז פול געוואָרן מיט חורבות, זיינען געבליבן ציגל, שטיינער, טירן און פענסטער, אָבער עס האָט געפעלט צעמענט; האָט מען אויך דאָס געקראָגן און מען האָט אָנגעהויבן בויען די באַנקערן. אין יעדן באַנקער זיינען אַריין אַרום 100 מענטשן. קיין קינדער און אַלטוואַרג האָט מען אין די באַנקערן ניט אַריינגענומען. ווען מ'האָט אַריינגענומען אין אַ באַנקער, דער האָט זיך געמוזט אונטערשרייבן, אַז מען מעג אים טויטן, אויב ער וועט דאָרט קראַנק ווערן אָדער וועט פון זינען אַרונטער. די באַנקערן בכלל זיינען

*) „פאָרווערטס" פון 29טן פעברואַר 1944, קאָרעספּאָנדענץ פון ארץ־ישראל פון ב. אָסטראָווסקי.

געוועז פיין איינגעאָרדנט, מיט עלעקטריע, מיט טעלעפאָן און מיט אייז־צימערן פאַר שפּייז. ווען די דייטשן זיינען געוואויר געוואָרן דער־פון און האָבן אָנגעהויבן צו פאַרניכטן די הייזער איבער די באַנקאָרן, האָט מען צוגעבויט צו געוויסע באַנקאָרן אַרויסגאַנגען צו די פּוילישע קוואַרטאַלן פון שטאָט.

די יידן האָבן זיך גוט צוגעגרייט צום אויפשטאַנד. מען האָט געקראָגן און געשאַפן פאַרשידענע וואָפן; מען האָט אַפילו אָרגאַניזירט אַ „שאָפּ" צו נייען דייטשע מיליטערישע קליידער; און ווען מען איז גע־קומען אַרויסרייסן פון געטאָ נייע קרבנות צו דעפּאָרטאַציע, האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף צווישן יידן אין דייטשע מונדירן און דייטשן אין דייטשע מונדירן. די דייטשן זיינען געוואָרן אַזוי צעטומלט, אַז איי־נער האָט געהרגעט דעם צווייטן.

אין די ערשטע טעג פון קאַמף האָבן אויך די יידן געמאַכט אָנ־גריפן אויסער דער געטאָ און איינגענומען גאַנצע גאַסן. ס'זיינען גע־ווען טעג, ווען די יידן האָבן איבערגענומען טראַנספּאָרטן פון געווער און טראַנספּאָרטן פון עסנוואַרג, וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר די דייטשן.

לויט אַ וויטערדיקן באַריכט פון אַ מענטש, וואָס איז אַנטלאָפן פון פּוילן (דער באַריכט איז אַרויס פון ארץ־ישראל אין סעפּטעמבער 1943), האָבן מיטן אויפשטאַנד אָנגעפירט געוועזענע יידישע אָפיצירן, וואָס האָבן פריער געדינט אין דער פּוילישער אַרמיי. די יידן האָבן אַריינגעקראָגן אין דער געטאָ מאָדערן געווער און אַפילו פלאַמען־וואַרפער. ביים אַריינשמוגלען געווער האָבן אויך געהאָלפן געוויסע סאָלדאַטן און די באַן־אַרבעטער, וואָס פלעגן אַרויסגנבענען דאָס גע־ווער פון דייטשע טראַנספּאָרט־צוגן. אין די ערשטע 2 וואָכן איז גע־וואָרן געפירט אַ רעגולערער קריג. די יידן האָבן אָנגעגריפן די דייט־טשע טאַנקען מיט „מאָלאָטאָוו־פלעשער" (פלעשער מיט בענזין). צוויי וואָכן נאָכן יידישן אויפשטאַנד האָבן זיך נאָך געפונען פיל יידן אין די קעלערן, וואָס האָבן זיך פאַרטיידיקט מיט געווער ביז דער לעצטער מינוט.

סיי די באַריכטן פון אונטערערדישן יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט (פון 15טן נאָוועמבער 1943) און סיי די באַריכטן פון אונטערערדישן „בונד" (פון 22טן יוני 1943) דערציילן, אַז ס'איז געווען די ענגסטע קאַמף־ברודערשאַפט פון דער החלוץ־יוגנט, שומרים, פועלי־ציון און בונדיסטן. „זיי זיינען געווען צוזאַמענגעבונדן מיט בענדער פון טויט,

ניט פון לעבן; זיי האָבן געקעמפט זייט ביי זייט פאַרן כבוד און רום פון יידישן פאָלק״ — באַטאָנט דער באַריכט פון נאַציאָנאַלן קאָמיטעט.

„די באַציאונג פון דער באַפעלקערונג (פון דער יידישער) צו דער זאַך איז היי־יאָר געווען אַ גרינטלעך־קעגנזעצלעכע ווי פאַראַיאָרן״ — דערציילט דער באַריכט פון „בונד״. דאָס מיינט, אַז די יידישע באַפעלקערונג איז יעצט באַגייסטערט און איינשטימיק געשטאַנען הינטער די קעמפער, און עס זיינען מער ניט געווען קיין שום ספקות, אַז ס'איז ניט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג ווי צו „שטאַרבן מיט כבוד״ — דער לאָזונג פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

„מען וואָלט באַגאַנגען אַ שווערע עוולה און געמאַכט אַ פעלער, ווען מען וואָלט אָפּגעשאַצט, אַז דער דאָזיקער העראָאיזם און אַנטשלאָסנקייט זיינען געווען אַ פּועל־יוצא פון פאַרצווייפלונג. ניט איינער פון די קעמפנדיקע האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט אַרויסצובאַקומען זיך פון געטאָ און אָוועקצוגיין פון קאַמף. ער האָט עס אָבער ניט געטאָן; ער איז געטריבן געוואָרן פון אַ שטאַרקן ווילן צו דערפילן די אויפגאַבע, וואָס פליסט אַרויס פון דער עטישער הויכקייט פון בקמה נעמען אין שונא, פון קאַמף פאַר כבוד, קאַמף מיטן פאַשיזם, מיטן שונא פון דער מענטשהייט, מיטן שונא פון אייגענעם פאָלק״.

מיר ווערן אויך געוואויר פון זעלביקן באַריכט, אַז אין דער צייט פון קאַמף האָט דער בשותפותדיקער קאָאָרדינאַציע־קאָמיטעט אַרויסגעגעבן רעגולערע, אָפטמאָל טעגלעכע קאָמוניקאַטן פון שלאַכטפעלד. די דאָזיקע קאָמוניקאַטן זיינען דערשינען אין טעגלעכן „ביולעטין״. די קאָמוניקאַטן זיינען אויך איבערגעגעבן געוואָרן דורך דער געהיימער פוילישער ראַדיאָ־סטאַנציע „שוויט״.

מיטן אָפּשלוס פון קאַמף זיינען געבליבן לעבן פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע נאָר 200 מענטשן. זיי האָבן זיך באַמיט דורך אונטערערדישע קאַנאַלן זיך דורכצורייסן אין קריסטלעכן טייל פון וואַרשע. 2 גרופּעס, אַן ערך 70 מענטשן, האָבן באַוויזן זיך אַרויסצוקריגן אין אַ וואַלד אַריין. עטלעכע אַנדערע גרופּעס זיינען אומגעקומען שוין ביים אַרויסגיין פון די קאַנאַלן, אַדער שוין אַפילו נאָכן אַרויסבאַקומען זיך פון דאָרט. זיי זיינען אומגעקומען קעמפנדיק מיט געווער אין האַנט. נאָך אַנדערע — אַרום 60 מענטשן — זיינען אומגעקומען וואַרשיינלעך אין די קאַנאַלן, וועלכע זיינען געווען אַרומגעשטעלט מיט דייטשיש מיליטער.

די פירער פון לינקע פועלי־ציון אין ארץ־ישראל האָבן באַקומען אַ טעלעגראַמע אין אָקטאָבער 1943 דורך אונטערערדישע וועגן, גע־חתמעט פון דריי באַקאַנטע טוער פון דער פאַרטיי, אַז „פיל חברים זיינען געפאַלן אין קאַמף. איינע פון אונזערע גרופעס אונטער דער פירונג פון חבר . . . האָט זיך אין לעצטן מאָמענט דורכגעבראָכן דורך די צעשטערטע ווענט פון דער געטאָ און איז איצט אַקטיוו אַלס גערי־לאַס". *)

מיט ענלעכע ידיעות האָבן מיר זיך באַקענט דורך די חלוצים־בריוו, וואָס מיר האָבן פריער געבראַכט.



שכנא זאַגאַן,
פירער פון לינקע פועלי־ציון.
געפאַלן אין וואַרשע.

אַ וואַרשעווער ייד, וואָס פיגורירט אונטערן נאָמען עדוואַרד וואַרשאַווסקי, איז אָנגעקומען קיין לאָנדאָן נאָך לאַנגע וואַגלענישן סוף 1943. ער האָט גע־לעבט אין דער וואַרשעווער געטאָ פון אָקטאָבער 1940 ביזן 18טן פעברואַר 1943. וואַרשאַווסקי גיט איבער וועגן לעבן פון די יידן אין דער וואַרשעווער געטאָ פאַר דער ליקווידאַציע:

„די קינדער האָט מען געלערנט געהיים אין קעלערן. דיסקוסיע־גרו־פעס זיינען געווען אַן אַלגעמיינע דערשיינונג. אין אָנהייב זיינען די דייטשן געווען איבערראַשט פון פאַקט, וואָס יידן לאָזן זיך ניט ברעכן פסיכיש. דאָס האָט זיי סוף־כל־סוף צערייצט און ווילד געמאַכט. זיי האָבן פאַרשאַרפט די רעפּרעסיעס און פאַרשטאַרקט די באַמיאונגען אומצוברענגען די יידן. אין אַ געוויסן זינען זיינען די דעפּאָרטאַציעס אַ מין נקמה פאַר דער יידישער עקשנות און לעבנס־ווילן. די ביולעטינס פון לאָנדאָנער ראַדיאָ האָבן מיר אין געטאָ געהאַט. ניט געווען קיין וויכטיקע נייעס, פון וועלכער מען זאָל ניט וויסן. די אָרגאַניזאַציע פון

---

*) „דער פוילישער ייד", ניו־יאָרק, אַפּריל 1944.

ראַדיאָ־הער־פּאָסטנס איז געווען גוט אָוועקגעשטעלט, און בלויז אין צוויי פאַלן האָט מען זיי אַנטדעקט".

וואַרשאַווסקי גיט אויך איבער, אַז די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג האָט אַ רייע צייטונגען געדרוקט אין דער געטאָ. די געס־טאַפּאָ איז פון דעם געוואויר געוואָרן און, הגם זי האָט ניט אַנטדעקט די געהיימע דרוקערייען, האָט זי אין יוני 1942 אַרעסטירט 70 יידישע דרוקער און זיי דערשאָסן.

אויף דער פראַגע, פון וואַנען האָבן די יידן געהאַט געווער, ענט־פערט וואַרשאַווסקי, אַז פיל געווער איז געוואָרן צוגעשטעלט דורך דער פוילישער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע, אָבער אין פיל פאַלן האָט מען אויך געקויפט געווער פון די דייטשן. טיילמאָל איז געלונגען צו דער־הרגענען דייטשן און צונעמען ביי זיי דאָס געווער. די יידן האָבן אויך בסוד אַליין פּראָדוצירט געווער.

מיר דאַרפן צום סוף אויך פאַרצייכענען נאָך עטלעכע אינפאָרמאַ־ציעס וועגן יידישן אויפשטאַנד, איבערגעגעבן פון פוילישע אונטערער־דישע טוער, וועלכע האָבן דערגרייכט לאָנדאָן:

וואויטשעך ביעלאַק — אַ וויכטיקער פירער פון דער פוילישער אונטערערד (פון דער פויערים־פּאַרטיי), וואָס האָט פאַרלאָזן וואַרשע סוף 1943, האָט מיטגעטיילט, אַז דער ווידערשטאַנד איז אָנגעפירט גע־וואָרן דורך פוילישע אָפיצירן, וועלכע האָבן געקעמפט צוזאַמען מיט די יידן. אונטער די געטאָ־מויערן האָבן די יידן אויסגעגראָבן טונעלן, וואָס האָבן געפירט פון געטאָ אין פוילישע הייזער מחוץ די געטאָ־ווענט. די דייטשן האָבן אויסגעראָטן אַלעמען, וועמען זיי האָבן דאָרט געפונען; זיי האָבן אָבער פאַרלוירן טויזנט טויטע.

אינטערעסאַנטע אינפאָרמאַציעס האָט מיטגעטיילט אַ צווייטער פוילישער אונטערערדישער טוער, וועמענס פּיקטיווער נאָמען איז ליטע־נאַנט יערזשי יור. ער האָט פאַרלאָזן וואַרשע סוף יאַנואַר 1944, און געקומען איז ער קיין וואַרשע אין אַ געהיימער שליחות פון לאָנדאָן פאַרן געטאָ־אויפשטאַנד.

ער דערציילט, *) אַז די דייטשן אין וואַרשע האָבן כסדר אויפגע־ריסן מיט דינאַמיט די חורבות פון דער געטאָ, מורא האָבנדיק, אַז עס האַלטן זיך אויף לעבעדיקע יידן אין די קעלערן פון די הייזער. 9 חדשים נאָכן אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד האָבן די פּאַליאַקן אויף

*) „ניו יאָרק טאַימז" פון 19טן אַפּריל 1944.

יענער זייט פון די געטאָ־ווענט נאָך אַלץ געהערט דינאַמיט־עקספּלאָ־זיעס און שאָסן פון מאַשין־געווער, מיט וועלכע מ'האָט דערהרגעט יידישע געפאַנגענע. אויפן שטח פון דער פריערדיקער געטאָ איז נאָר געבליבן איין גאַנצער בנין — דאָס איז דער „פּאַוויאַק" (טורמע).

## פּאָליאַקן און דייטשן וועגן יידישן אויפשטאַנד

די פּוילישע פאָלקס־מאַסע פון וואַרשע האָט בדרך־כלל סימפּאַ־טיזירט מיט די יידן, וואָס זיינען אַרויס אין אָפענעם קאַמף מיטן שונא. „דער פּשוטער פּאָליאַק האָט געטראַכט, אַז די יידן האָבן אין געטאָ אַ ידיעה, אַז ס'האָט זיך געעפנט דער צווייטער פראָנט און דאָס איז די ערשטע שלאַכט פאַר זייער באַפרייאונג" — דערציילט דער פריער־ציטירטער לייטענאַנט יערזשי יור. די פּוילישע דעמאָקראַטישע פּאַרטייען האָבן אין זייערע אונטערערדישע אויסגאַבעס ענטוזיאַסטיש באַגריסט דעם אויפשטאַנד און זיך סאָלידאַריזירט מיט די קעמפער; די רעכטע, רעאַקציאָנערע גרופּירונגען האָבן געמורמלט וועגן דער גרויסער השפּעה פון קאָמוניסטן אין אויפשטאַנד, וועגן סאָוועטישע פּאַראַשוטיסטן, וואָס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין דער געטאָ, אאַ"וו, אָבער אויך זיי האָבן געקוקט מיט אַכטונג אויף די געטאָ־יידן, וואָס זיינען אַרויס אין אומגלייכן קאַמף קעגן די נאַציס.

„די צענטראַלע אָנפירונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן אין פּוילן" האָט אַלס ענטפער אויפן אַפּיל פון די יידן אַרויסגעגעבן אַ וואַרעמען אויפרוף צו דער פּוילישער באַפעלקערונג. אין אויפרוף ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט:

„זיי (די יידן) שיצן זייער כבוד ווי מענטשן און בירגער, שטעלנדיק אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד די בלוטיקע מערדער... אַרבעטער און אָנגעשטעלטע — פּוילישע בירגער פון יידישער נאַציאָנאַליטעט — זיינען דער רוקן־ביין און נשמה פון די יידישע קאַמף־אָפּטיילונגען. . . . די באַוואָפנטע טאַט פון די יידישע קעמפער אין דער וואַרשעווער געטאָ איז אַ רינג אין דער לאַנגער קייט פון 4 יאָר כסדרדיקע אַקטן פון קאַמף און ווידערשטאַנד, וואָס גאַנץ פּוילן שטעלט דעם אָקופּאַנט. . . . קיין שום טראָפּן פון דעם בלוט, וואָס איז פאַר־גאָסן אין די קאַמפן, וועט ניט גיין לאיבוד. יעדער נייער קרבן ווערט פאַר־וואַנדלט אין אַ נייעם ציגל פון דעם בנין פון פרייהייט און סאָציאַלן יושר פאַר אַלע בירגער פון דער באַנייטער פּוילישער רעפּובליק. . . . מיר שיקן אי־בער די ברידערלעכע גרוסן צו די יידישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע,

װעלכע האָבן באַשלאָסן בעסער צו שטאַרבן מיט װאָפן אין האַנט, אײדער פּאַסיװ צו קאַפּיטולירן פאַר דער איבערמאַכט. זײער טאַט װעט ניט אַריבער אָן אָפּקלאַנג. זי װעט אַרײַן אין דער לעגענדע פון קעמפנדיקן פּױלן, זי װעט אַרײַן אין געמײנזאַמען גײַסטיקן אוצר פון פּױלנס פאָלק, אַן אוצר, אױף װעלכן ס'װעט אױפגעבױט װערן דער בנין פון צוקונפטיקן פּױלן.

צו די פעלקער פון דער װעלט רופן מיר נאָך רעטונג, נאָך װאָס גיכערער הילף, כדי דער טאָג פון מפּלה איבערן שונא זאָל קומען אײדער מיר װעלן זײַן פולשטענדיק פאַרניכטעט".

דער אױפרוף ענדיקט זיך מיט דער פאַרזיכערונג, אַז אַן אַלגע־מײנער פּױלישער אױפשטאַנד, װאָס װעט אױסברעכן צוזאַמען מיט דער אָפענסיװע פון די עלאַיס, װעט געבן אַן ענדגילטיקן טױט־קלאַפּ אַלע סאָרטן פון דיקטאַטור.

די אומלעגאַלע דעמאָקראַטישע צײַטונג „נאָװע דראָגי" פון 21טן יוני 1943 שטרײַכט אונטער די ברוטאַליטעט און פּחדנות פון די דײַטשן, װאָס האָבן מורא געהאַט אױסצופירן דירעקטע אַטאַקעס.

„די קעמפער פון װאַרשעװער געטאָ האָבן געשלאָגן די נאַ־ציס אונטער דער פּױלישער פאָן, װאָס האָט געפלאַטערט פון די געטאָ־װענט. אַרונטערגעריסן דורכן שונא, איז די פאָן װידער און װידער אַרױסגעהאָנגען געװאָרן. די ײדן האָבן פאָרגעזעצט די װאַרשעװער טראַדיציע פון סעפּטעמבער 1939 — זײ האָבן געקעמפט פאַר זײער ערע, אונטערן סימבאָל פון דער פּױלישער רעפּובליק.

...מיר שטרײַכן אונטער נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל דעם מאָ־ראַלישן װערט פון דער טראַגישער אָנשטרענגונג. די ײדן האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַפילו אין דעם אַממערסטן האָפענונגסלאָזן, אין דעם אַממערסטן אומגלײכן קאַמף, איז דאָך פאַראַן עפּעס, װאָס קען געראַטעװעט װערן — די מענטשלעכע װירדע, װאָס לעבט איבער כּוח, װען מען שטעלט אים אַ װידערשטאַנד".

דער נומער 17 פון „בולעטין אינפאָרמאַציני" פון אַפּריל דריקט אױס זײַן פאַרװאונדערונג, פאַרװאָס עס שװײַגט די ציװיליזירטע װעלט, הערנדיק װעגן דער גרױזאַמער אױסראָטונג פון די ײדן:

„מיר האָבן ניט געקענט פאַרשטײן דעם שװאַכן אָפּקלאַנג, װאָס די געשעענישן האָבן אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד, װאו מיר גיבן דאָך צו װיסן, אַז מיליאָנען מענטשן װערן געמאָרדעט, אַז עס װערן ניט געשױנט קײן קלײנע קינדער און אַלטע פרױען; אַז

אַן אָרגאַניזירטער, סיסטעמאַטישער מאָרד פון אַ פאָלק קומט פאָר פאַר אונזערע אויגן...

מיר האָבן אויך ניט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס לאָזן זיך די יידן דאָ אויסקוילענען אַן אַ ווידערשטאַנד; מיר, קריסטן, האָבן מיטגעפילט זייער טראַגעדיע, אָבער מיט שטוינונג געוואַרט אויף אַן אַקט פון ווידערשטאַנד, און מיר האָבן זיך דערוואַרט!

דער העלדישער קאַמף פון די וואַרשעווער יידן, וואָס אַטאַ־קירן די דייטשע מערדער, האָט ווי אַ פייער באַלויכטן די באַהאַל־טענע כוחות פון דאָזיקן וואונדערבכן פאָלק... איצט, ווען מיר שרייבן די דאָזיקע שורות, גייט אַן די מלחמה. די קעמפער שטיקן זיך אין אַ שטיקנדיקן רויך, די אויגן האַלב־בלינד, אָן וואַסער... זיי טרעטן אָפּ שווייגנדיק טריט ביי טריט, ניט ווייל דער נאַצישער קעגנער איז שטאַרקער, נאָר ווייל דאָס פייער אין די ענגע געס־לעך מאַכט אוממעגלעך פאַר זיי צו בלייבן אויפן אָרט... זיי טרעטן אָפּ לאַנגזאַם, כדי עס זאָלן דערווייל אַנטלויפן די פרויען און קינדער דורך די צעבראָכענע ווענט פון געטאָ. זיי שוואַכן אָפּ די כוחות פון די שטורמיסטן, טויטנדיק זיי, ווי נאָר זיי דערנענ־טערן זיך. פאַר זיך דערוואַרטן די העלדן פון געטאָ נאָר איין נצחון: צו שטאַרבן מיט געווער אין די הענט אויף אַ באַרג מיט טויטע קערפערס פון פאַרפלוכטן שונא.

...אין פייער פון קאַמף ווערן אונז איצטער אונזערע יידישע מיטבירגער נענטער, ליבער, פאַרשטענדלעכער. זיי שמידן אויס אַ נייעם רינג פון ברידערלעכן צוזאַמענלעבן.

פאַר דעם טריבונאַל פון דער וועלט באַשולדיקן מיר דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק פאַרן באַוואוסטזיניקן אויספירן די פאַר־ברעכנס, וועלכע עס האָבן לכתחילה געפּלאַנט די פירער.

די געטאָ ברענט און פון די פייערן לויפן און ראַטעווען זיך אומגליקלעכע שוואַכע יידישע מענער, פרויען און קינדער, וואָס קענען אַליין קיין געווער ניט האַלטן. עס איז אונזער הייליקער קריסטלעכער חוב צו רופן און שרייען צו אייך: ראַטעוועט זיי! באַ־האַלט זיי! זאָלן זיי זיין מיט אייך ביז דער שטורם וועט אַריבער און וועט צווישן אַנדערן מעגלעך מאַכן, אַז אַ נייע, פרייע פוילן זאָל באַשאַפן ווערן צווישן די אייראָפּעאישע קולטור־פעלקער".

„פרזשעגלאָנד וואַלקע דאָ זוויטשענסטוואָ" („דורך קאַמף צו נצחון") פון 20טן מאַי 1943, נומ' 11(80), דערקלערט:

„דאָס פּוילישע פאָלק, וואָס איז שטענדיק געווען דורכגע־דרונגען מיטן קריסטלעכן גייסט, האָט קיינמאָל ניט געגלויבט אין טאָפּלטער מאָראַל און האָט שטענדיק פאַראַכטעט די טייוולאַנישע אַנטי־יידישע אַקטן פון די דייטשן. זינט דעם 19טן אַפּריל 1943, האָבן די פּאָליאַקן באַטראַכט דעם העראָאישן יידישן קאַמף מיט רעספּעקט און מיטלייד. מיר האָבן נאָר פאַראַכטונג פאַר די היט־לעריסטישע מערדער. מיר האָבן שטענדיק אויסגעדריקט אונ־זער טיפסטע פאַראַכטונג פאַר די דייטשע אַנטי־יידישע גרויזאַמ־קייטן. מיר באַטראַכטן עס אַלס אונזער פליכט צו געבן די יידן יעדער מעגלעכע הילף".

אויך די אונטערערדישע צייטונג „גלאָס דעמאָקראַציאי" פון סעפּ־טעמבער 1943 רופט אין אַן אַרטיקל א"ב „אַקטיוּוער הומאַניטאַריזם" די פּאָליאַקן צו געבן אַ באַהעלטעניש און הילף די יידן, וועלכע אַנטלויפן פאַר די דייטשע מערדער:

„די איבערוויגנדיקע מערהייט פּאָליאַקן האָט געטראָפן דער זעלביקער גורל, וואָס די יידן. אויב עס גייט וועגן הילף פאַר יידן, וועט יעדע ווייטערדיקע דרייסטע טאַט, יעדער ווייטערדיקער פאַל פון מקריב זיין מיטן לעבן מצד פּאָליאַקן, און אַלע אַקטן פון הומאַ־ניטאַריזם פנים אל פנים מיט דער דראָענדיקער סכנה — זיין אויף אייביק עדות, ווי פּאָליאַקן האָבן געהאָלפן ראַטעווען יידן.

אַזעלכע טאַטן זיינען געווען אַ סך אין דער פאַרגאַנגענהייט און וועלן זיין אין דער צוקונפט".

אויך ביעלאַק גיט איבער פיל פאַקטן, ווי פּאָליאַקן האָבן געהאָלפן יידן. לויט זיין באַהויפּטונג זיינען פיל פּוילישע פאַמיליעס אומגע־קומען פאַר העלפן יידן. זיי האָבן עס געטאָן טראָץ די דייטשע וואָרע־נונגען צו באַשטראָפן מיט טויט פאַר אויסבאַהאַלטן אַ ייד. אויך פיל יידישע קינדער, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט היימלאָז אין שכנות פון וואַרשע, זיינען געוואָרן אַריינגענומען אין פּוילישע היימען. אין איין פאַל זיינען געוואָרן אויסגעשאָסן אַלע איינוואוינער פון אַ הויז אין אַ דאָרף, וואו מ'האָט געפונען אויסבאַהאַלטן אַ יידיש קינד. שפּעטער, ווען די פּוילישע באַפעלקערונג האָט געהאַלטן פאַר אוממעגלעך צו געבן דירעקטע הילף די יידישע קינדער, האָט מען זיי געגעבן הילף אויף אַן אומדירעקטן אופן. די פּויערים האָבן אָוועקגעלייגט שפּייז, צו־געדעקט אין געוויסע ערטער אין די פעלדער און וועלדער.

ידיעות פון יידישע און פוילישע קוואַלן דערציילן, אַז פון דער צווייטער זייט זיינען געווען פיל פאַלן פון שאַנטאַזש און אויספּרעסונג מצד פּאָליאַקן קעגן די אומגליקלעכע פאַרפאָלגטע יידן. „שאַנטאַזש איז געוואָרן אַ פּלאָג" — דערציילט איין יידישער באַריכט פון פּוילן — „פיל יידן ווערן שאַנטאַזשירט מערערע מאָל. שאַנטאַזשיסטן נעמען צו אַלץ, וואָס דער מענטש האָט ביי זיך אין הויז. אין גאַס נעמט מען צו די קליידונג און שיך". אָבער וואָס איז שרעקלעכער — די קרבנות ווערן איבערגעגעבן אין די הענט פון די נאַצי־מערדער. „גאַנצע באַנדעס אַגענטן און פּאָליציי, מונדירטע און ניט־מונדירטע, שלעפּן זיך אַרום גאַנצע טעג איבער די גאַסן, עפנטלעכע לאָקאַלן, כדי אויסצוגעפינען אַלץ נייע קרבנות". מען באַפאַלט אין די גאַסן מענטשן, וואָס זעען אויס ווי יידן, און נאָך אַ פיזישער אונטערזוכונג ווערן זיי גלייך דערשאָסן אויפן פּלאַץ, אויב עס ווייזט זיך אַרויס, אַז זיי זיינען יידן.

די אונטערערדישע ראַדיאָ־סטאַנציע „שוויט" און דער „דירעקטאָריום פון ציווילן ווידערשטאַנד" — די אָפיציעלע עקספּאָזיטור פון דער לאָנדאָנער גלות־רעגירונג — האָבן פאַרעפנטלעכט אויפרופן צו די פּאָליאַקן צו באַשיצן די יידן און צו באַקעמפן די שאַנטאַזשיסטן און מוסרים. „עס האָבן זיך געפונען יחידים, אָן אַ ברעקל ערע און געוויסן, וואָס רעקרוטירן זיך פון דער פאַרברעכער־וועלט, און געשאַפן פאַר זיך אַ נייעם קוואַל פון פאַרברעכערישער איינקונפט דורך שאַנטאַזשירן פּאָליאַקן, וועלכע באַהאַלטן יידן, און די יידן גופא. די אָנפירונג פון ציווילן קאַמף וואָרנט, אַז אַזעלכע מין פאַלן פון שאַנטאַזש וועלן רעגיסטרירט און באַשטראָפט ווערן מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פון געזעץ. אויב מעגלעך, שוין איצט, יעדנפאַלס אין דער צוקונפט".

אין עטלעכע פאַלן זיינען שוין געוואָרן פאַרמשפּט און דערשאָסן די דאָזיקע שאַנטאַזשיסטן. די טויט־אורטיילן, אַרויסגעגעבן דורך אַ ספּעציעלן טריבונאַל פון דער אונטערערדישער באַוועגונג, זיינען געוואָרן פּובליקירט אין דער געהיימער פוילישער רעגירונגס־צייטונג „רזשעטשפּאָספּאָליטאַ פּאָלסקאַ" (פוילישע רעפּובליק). ביז אַפּריל ד. י. זאָלן האָבן געוואָרן דורכגעפירט 15 טויט־אורטיילן קעגן פּאָליאַקן פאַר שאַנטאַזשירן און מסרן פאַרפאָלגטע יידן.

אויך דער אומגעקומענער פריערדיקער פוילישער פּרעמיער, גענעראַל שיקאָרסקי, האָט נאָך אין מאַי 1943 איבערגעשיקט פון לאָנדאָן

אַ מעסעדזש צו די פּאָליאַקן אין לאַנד, אויפפאָדערנדיק זיי צו העלפן און ראַטעווען די יידן.

אַנדערש האָט אויסגעזען די באַציאונג פון דער פּוילישער רעאַק־ציאָנערער פּרעסע. אַ מיאוס שטיקל אַרבעט, למשל, האָט אָפּגעטאָן די אַנטיסעמיטישע אונטערערדישע צייטונג „פּאָלסקאַ״. זי האָט אין איר נומער פון 29טן אַפּריל 1943 „מיטגעטיילט״, אַז די קעמפער פון דער געטאָ זיינען באַשטאַנען פון: 1) בונדיסטן און קאָמוניסטן, וואָס האָבן געאַרבעט אין דייטשע געווער־פאַבריקן; 2) דייטשע קאָמוניסטן־אַריער, וואָס זיינען געוואָרן באַפרייט נאָכן שליסן דעם סטאַלין־היטלער־פּאַקט אין 1939 און זיינען נאָכן אויסבראָך פון דייטש־סאָוויעטישן קריג אַנטלאָפן אין די אָקופּירטע לענדער; 3) דייטשע דעזערטירן־סאָלדאַטן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון מזרח־פראָנט; זיי האָבן זיך ניט געקענט אויס־באַהאַלטן צווישן פּאָליאַקן, ניט קענענדיק קיין פּויליש און מורא האָבנ־דיק, אַז מ׳וועט זיי אָננעמען פאַר פּראָוואָקאַטאָרן; זיי האָבן באַקומען אַ וואַרעמע אויפנאַמע אין דער געטאָ; 4) סאָוויעטישע עמיסאַרן, יידן און אַריער, וואָס זיינען געוואָרן אַראָפּגעוואָרפן אין געטאָ מיט דער הילף פון פּאַראַשוטן; זיי האָבן אויך מיטגעבראַכט מיט זיך געווער און אַמו־ניציע; זיי זיינען עס געווען די ספּעציאַליסטן־אינסטרוקטאָרן אינם אויפשטאַנד; 5) יידישע סאָלדאַטן און אָפיצירן, וואָס האָבן פריער גע־דינט אין דער פּוילישער אַרמיי; זייענדיק משומדים און „מישלינגע״, האָבן זיי זיך געמוזט אויפהאַלטן אין דער געטאָ.

פּאַרטיק ווערנדיק מיט דער „באַשרייבונג״ וועגן די עלעמענטן, וואָס האָבן געבילדעט די אַרמיי פון די געטאָ־קעמפער, גייט „פּאָלסקאַ״ איבער צו שילדערן, פון וואַנען די יידן האָבן גענומען די פינאַנסיעלע מיטלען אויף דורכצופירן דעם אויפשטאַנד.

די מיטלען זיינען געקומען: 1) פון רייכע פּוילישע און אויסלענ־דישע יידן; 2) פון אויסלענדישע קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס; 3) פון דייטשע שפּעקולאַנטן און „פאָלקס־דויטשע״, וואָס האָבן געאַרבעט אין די מוניציפּאַלע אינסטיטוציעס און האָבן אונטערן אויסרייד, אַז זיי שמוגלען אַריין שפּייז אין דער געטאָ, אַריינגעפירט אַהין געווער, אָפט־מאָל אַפילו אויף מיליטערישע טראָקס; דערפאַר האָבן זיי זיך גע־הייסן אָפּצאָלן מיט גאָלד.

דאָס דאָזיקע אַנטיסעמיטיש שטיקל אַרבעט איז אָבער געמאַכט געוואָרן זייער קונציק. די „פּאָלסקאַ״ גיט אָן די אַלע ידיעות, אַז דאָס האָט איבערגעגעבן דער נאַצישער אינפאָרמאַנט אַ גרופּע זשורנאַליסטן,

וואָס האָבן באַזוכט די געטאָ, „דעם נייעם קריגס־טעאַטער", אין דער ערשטער וואָך פונם אויפשטאַנד, אָבער די ידיעות זיינען געוואָרן אַזוי „געפיטשערט", אַז דעם נאַאיוון לייענער איז שווער צו דערזען די „ווייסע שטעך" און ער נעמט אָן די אַלע ליגנערישע באָבע־מעשיות פאַר ראַיעלע אינפאָרמאַציע.

דער וואַרשעווער גובערנאַטאָר פישער האָט דערקלערט אין מיטן פון קאַמף, אַז דער באַשלוס צו ליקווידירן די יידישע געטאָ איז געקו־מען אַלס מאַסנאַמע קעגן די קאָמוניסטן, וואָס האָבן פאַרוואַנדלט די געטאָ אין זייערס אַ זיכערע באַהעלטעניש. די פוילישע אומלעגאַלע דעמאָקראַטישע פּרעסע האָט שאַרף געטאַדלט דעם דאָזיקן נאַצישן שקר. די „וו. ר. נ." נומער 10 (116) פון 21טן מאַי 1943 האָט אָנגעוויזן, אַז אפילו די קינדער אין פוילן ווייסן, אַז די דייטשן זיינען געווען געצוואונ־גען אָנצונעמען די דאָזיקע שריט, ווייל „זיי האָבן ניט געקאָנט אונטער־דריקן דעם יידישן אויפשטאַנד".

אַן ענלעכן אָפּשניט גיט פישערן די „נאָווע דראָגי" פון 20טן יוני 1943. „די אומפאַרגלייכלעך־ציניש פּראָקלאַמאַציע פון גובערנאַ־טאָר פישער דערקלערט דעם באַשלוס צו ליקווידירן די געטאָ אַלס אַ מאַסנאָמע קעגן די קאָמוניסטן. ער פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלן מסרן פאַר די מאַכט־אָרגאַנען „יעדן לעבעדיקן ייד". „קיין עטישע פּרינציפּן קו־מען דאָ ניט אין באַטראַכט", שטעלט ער פעסט אין אַ ים פון ווער־טער.

„די שוואַרצע רויך־וואָלקנס פון דער פלאַקערנדיקער געטאָ הענ־גען איבער פוילן טאָג און נאַכט, זיי וועלן ניט פאַרטונקלען ניט דעם דייטשן פאַרברעכן, ניט דעם הערשאיזם פון די קעמפער און ניט אונ־זער געוויסן — איז דער שפּיי אין פנים, וואָס עס גיט „דאָס פוילן פון מאָרגן" דעם נאַצישן תליון.

דעם גאָווערנאָר פישער האָבן ניט געהאָלפן אַלע זיינע באַמיאונ־גען צוריק צו געווינען זיין פאַרלוירענע פּאָפּולאַריטעט אין די אויגן פון די אויפגעצאָרנטע אויבער־פירער אין בערלין, וואָס האָבן גע־קריצט מיט די ציין פון צאָרן פון די ידיעות, וואָס זיינען געקומען פון „צווייטן פראָנט אויף די נאַלעווקעס". ווי עס טיילט מיט די אומלע־גאַלע „וואַלקאַ" („קאַמף") נומער 18 פון 12טן מאַי 1943, איז פישער געוואָרן דערוויטערט פון זיין אַמט און איז געוואָרן איבערגעפירט קיין לובלין.

ניט אומאינטערעסאַנט איז אויך צו דערמאָנען, אַז די „דאַנאַו־ צייטונג" פון 23טן פעברואַר 1943 האָט געשריבן, אַז נאָכן ליקווידירן די פריערדיק באַדייטנדיק גרעסערע געטאָ אין סעפּטעמבער 1942 האָט מען געמוזט אָננעמען אויסערגעוויינלעכע סאַניטאַר־מיטלען, כדי צו מאַכן די גאַסן צוגענגלעך פאַר דער „אַלגעמיינער באַפעלקערונג", ווייל די סאַניטאַרע לאַגע פון די יידישע הייזער איז געווען אַזוי שרעקלעך, אַז מ׳קען זי גאָרניט באַשרייבן.

דער מאָנסטערהאַפטער מאַסן־מאָרד איבער הונדערטער טויזנטער יידן איז בכן געוואָרן דורכגעפירט: א) כדי צו דערשטיקן דעם קאָמוניזם; ב) כדי צו באַקעמפן די דראָענדיקע עפּידעמיעס, וואָס האָבן געדראָט דעם געזונט פון דער „אַלגעמיינער באַ־ פעלקערונג"...

---



יחיאל לערער,
אומגעקומענער יידישער דיכטער.
מיטאַרבעטער אין „נייעם וואָרט".
מיטגליד אין פועלי־ציון (צ. ס.).

פון פוילן איז אָנגעקומען די ערש־ טע רשימה פון די געפאַלענע בעת די קאַמפן אין אַפּריל־אויפשטאַנד. די רשימה אַנטהאַלט 219 נעמען. לויט זייער פּאַרטייאישער אָנגעהעריקייט געהערן 152 צו פאַרשידענע ציוניס־ טישע ריכטונגען און חלוצישע יוגנט־ אָרגאַניזאַציעס. 81 זיינען פון „דרור", די יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון די פועלי־ ציון ־ צ. ס., 35 פון „השומר הצעיר", 9 פון „גורדוניה" — דער יוגנט־ אָרגאַניזאַציע פון „התאחדות", 11 פון „עקיבא" און „הנוער הציוני" — יוגנט־פאַרבאַנדן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, 7 פועלי ציון (צ. ס.) און 9 לינקע פועלי ציון. 35 האָבן געהערט צו די קאָמוניסטן („לינקע") און 32 צום „בונד".

אין די קאַמפן בעתן אַפּריל־אויפשטאַנד און ביי אַנדערע אומ־ שטענדן זיינען צווישן אַנדערע געפאַלן אַ רייע פירנדיקע טוער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער ־ באַוועגונג. צו זיי געהערן די מיטגלידער פונם צענטראַל ־ קאָמיטעט פון פועלי ־ ציון (צ. ס.) — יוחנן מאָרגענשטערן און אינזשיניער לעאָן פייגנבוים; מיטגליד אין

צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער אַרבעטס־פּאַרטיי „התאחדות" דוד דאַדונסקי; די מיטגלידער אין צענטראַלן פּראָפעסיאָנעלן ראַט פון די יידישע קלאַסן־פאַראייניגען, משה ליכטשטיין און אַברהם פישלזאָן; די פירנדיקע טוער פון פועלי ציון (צ. ס.), אַדוואָקאַט לייב קאַץ, יעקב דוד סיטנער, אריה שטיין, ראַטמאַן רחל שטיין, ד"ר שענקער, ש. גוטקאָווסקי און י. פאַרזשענטשעווסקי; די זשורנאַליסטן און מיטאַרבעטער פון דער טאָג־צייטונג פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל „דאָס נייע וואָרט", אַברהם פּשעפּיורקאָ און פּרץ אָפּאָטשינסקי; די פירער פון ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן אַקאַדעמיקער־פאַרבאַנד, שיינדל העכטקאָפּ, מאיר מייעראָוויטש, מאַרעק פּאַלמאַן, שמואל לאַופער. עס זיינען אויך געפאַלן פיל פירנדיקע טוער פון די חלוציש־ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס „דרור", „השומר הצעיר", „גורדוניה", „עקיבא", „הנוער הציוני" און פון די לינקע פועלי־ציון.

# אויפשטאַנדן און קאַמפן אין אַנדערע שטעט

דער הערלאַישער אויפשטאַנד אין וואַרשע איז ניט געבליבן קיין פאַראיינצלטע דערשיינונג. די צענטראַלעס פון די יידישע פאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אין וואַרשע, און באַזונדערס די חלוצישע באַוועגונג, האָבן אַרויסגעשיקט שליחים צו די גרעסערע יידישע געטאָס און אַרבעטס־לאַגערן, און איבעראַל האָט אויפגעפלאַמט דער ווילן צו ווידערשטאַנד, און אַ הייליקע שבועה האָבן זיך געגעבן די טויט־פאַרמשפּטע: „שטאַרבן מיט כבוד!"

אַ טעלעגראַמע פון פּוילן, אונטערגעשריבן דורך דעם יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט, וואָס איז אַרויס פון וואַרשע דעם 10טן אויגוסט 1943 און איז געוואָרן געשיקט קיין לאָנדאָן צו די פירער פון יידישן וועלט־קאָנגרעס, לויטעט:

„מיר נייטיקן זיך אין תיכפדיקער הילף צו ראַטעווען אונזער אַקטיוו, פאַר רעטונג און פאַר אונזער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. אונזערע אָפּטיילונגען קעמפן אויף דער פּראָווינץ, די בויטן גרויסע. דייטשע מערדערייען דויערן ווייטער. ראַטעוועט באַלד. די אַקציע איז שווער. מיר זיינען אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג".

דעם 22טן יוני 1943 מעלדן טעלעגראַפיש די פירער פון פוילישן החלוץ וועגן שלאַכטן אין בענדינער געגנט, צווישן יידישע קאַמפּס־אָפּטיילונגען און די נאַציס.

נאָך וואַרשע גייט ביאַליסטאָק די ערשטע אויפן צעטל פון אונ־זערע הייליקע יידישע קהילות אין פוילן, וואָס האָבן אין ווירדע און קדושה פאַרטיידיקט דעם יידישן כבוד און דעם יידישן נאָמען.

דער יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט האָט באַריכטעט גענוי וועגן דעם אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָק אין זיין בריוו פון 15טן נאָוועמבער 1943:

„מיר ווילן, אַז אַלע יידן און די גאַנצע וועלט זאָל וויסן, אַז אונזער יוגנט האָט ווירדיק פאַרטיידיקט דאָס לעבן און דעם כבוד פון זיין פאָלק. זייט דער העראָאישער עפּיק פון דער וואַר־שעווער געטאָ האָבן מיר די לעצטע חדשים אַריינגעשריבן דאָס גרויסע און גלענצנדיקע קאַפּיטל פון די יידן אין ביאַליסטאָק.

דאָס איז פאַרגעקומען סוף אויגוסט. דעם 17טן אויגוסט האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון דער איינציקער גרויסער געטאָ אין מזרח־פוילן — אין ביאַליסטאָק, וואו ס'האָבן געוואוינט בערך 40,000 יידן. אין די ערשטע דריי טעג פון דער אַקציע האָבן די דייטשן אַוועקגעפירט 7 טראַנספּאָרטן יידן פון ביאַליסטאָ־קער געטאָ אין טויטן־לאַגער אין טרעבלינקאַ; אויסער דעם האָט פאַרלאָזט ביאַליסטאָק אַ ספּעציעלער פּאַסאַזשיר־צוג, אָנגעפּאַקט מיט קינדער. אין יעדן וואַגאָן פון צוג זיינען מיטגעפאָרן 2 יידישע נוירסעס. ס'הערשט דאָ די אַלגעמיינע איבערצייגונג, אַז פאַר זייער גיין צום טויט האָט מען פון די קינדער אויסגע־צאַפּט דאָס בלוט פאַר די פאַרוואונדעטע דייטשע סאָלדאַטן.

אויפן פערטן טאָג פון דער אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף. ס'זיינען פאַרגעקומען בלוטיקע שלאַכטן אין אַ צאָל גאַסן. פּונקט ווי אין וואַרשע, האָבן די דייטשן זיך אַריינגעריסן אין געטאָ מיט פּאַנצער־אויטאָס און פעלד־אַרטילעריע. זיי האָבן אַריינגעפירט אין שלאַכט ביי 1,000 זשאַנדאַרן און ס. ס.־לייט און אַ צאָל אוקראַאינישע אָפּטיילונגען.

די יידן האָבן אָממערסטן געקעמפט מיט גראַנאַטן און צינד־באָמבעס; זיי האָבן אויך געהאַט מאַשין־געווער. די יידן האָבן געקעמפט מיט אַן אומגעוויינלעכער אַנטשלאָסנקייט, וואָס האָט אַרויסגערופן די באַוואונדערונג פון דער באַפעלקערונג אין דער

שטאָט און אין דער אומגעגנט. עטלעכע הונדערט דייטשן און אוקראַאינער זיינען געפאַלן טויט אָדער פאַרוואונדעט אין לויף פון דע שלאַכט.

כדי צו דערשטיקן דעם אויפשטאַנד האָבן די דייטשן געטאָן דאָס זעלביקע, וואָס זיי האָבן געטאָן אין וואַרשע — זיי האָבן אונטערגעצונדן די ביאַליסטאָקער געטאָ פון אַלע זייטן. דער ביטערער קאַמף האָט געדויערט 8 טעג. אָבער דער יידישער ווידערשטאַנד איז ניט געוואָרן אָפּגעשוואַכט און האָט נאָך אָנגעהאַלטן נאָך אַ חודש, ביז אינמיטן סעפּטעמבער. די הערויִשע שלאַכט אין ביאַליסטאָק וועט אַריין אין דער געשיכטע ווי דער ווידערשטאַנד פון וואַרשע".

די אָרטיקע ניט־יידישע באַפעלקערונג האָט שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט די יידישע קעמפער, די נאַצי־מאַכט האָט דערפאַר אַרויסגעגעבן אַ פּראָקלאַמאַציע אין דייטש און אין ווייס־רוסיש, אין וועלכער זי דערקלערט: „די יידן זיינען אייערע פיינד. מיר פירן איין אַ היסטאָרישע גערעכטיקייט. מיר וועלן פאַרניכטן די יידן ביזן לעצטן. וויזט זיי ניט אַרויס קיין שום רחמנות אָדער סימפּאַטיע".

ביאַליסטאָק איז געווען באַקאַנט דורך איר טעקסטיל־אינדוסטריע. אין 1941 האָבן די דייטשן געצוואונגען אַן ערך 80,000 יידן זיך צו באַזעצן אין אַ געטאָ, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין צפונדיקן טייל פון שטאָט. אין יוני 1942 האָט די יידישע באַפעלקערונג שוין געציילט נאָר בערך 40,000 נפשות. די סיבה: די דעפּאָרטאַציעס און די פאַרגרעסערטע שטערבלעכקייט צוליב הונגער און קראַנקייטן. אין יאַנואַר 1943 זיינען פאָרגעקומען וייטערדיקע דעפּאָרטאַציעס. נאָכן ליקווידירן דעם יידישן אויפשטאַנד איז אין שטאָט געבליבן נאָר אַ קליינע צאָל יידן.

די האַנט פון יידישער נקמה האָט געטראָפן דעם נאַצישן גענעראַלפּראָקוראָר פון קעניגסבערג (מזרח־פּרייסן) ווילהעלם פּריטש, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער ליקווידאַציע פון געטאָ. פּריטש, וואָס איז אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק אין פעברואַר 1943, האָט פאַראָרדנט די קאָנפיסקאַציע פון יידישן פאַרמעגן און אויך אָנגעפירט אַ רייע פּראָצעסן קעגן יידן, וועלכע זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין סאַבאָטאַזש אין די אָרטיקע טעקסטיל־פאַבריקן. ער איז דערמאָרדעט געוואָרן בעת ער האָט פאַרלאָזן זיין היים אין אָוונט. דער ייד, וואָס האָט אים דערהרגעט, איז אויפן אָרט באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

אַ רייע פירער פון די חלוצישע אָרגאַניזאַציעס איז געפאַלן בעת די קאַמפן אין ביאַליסטאָק. פון די מער באַקאַנטע טוער ווייסן מיר די פאָלגנדיקע נעמען: מרדכי טענענבוים (טאַמאַראָף), צבי מערסיק, חנה זשעלאַזנאָגורא, צבי ראָזענטאַל און צבי ברינדים.

אויך אין קרינקי — אַן אַלטער צענטער פון יידישע גאַרבער־אַר־בעטער, איז פאָרגעקומען אַ באַוואָפנטער ווידערשטאַנד פון דער יידי־שער באַפעלקערונג. עס זיינען געפאַלן בערך 15 דייטשן. פיל יידן האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן אין די ביאַלאָוויעזשער גרויסע וועלדער.

צו די ערשטע שטעט, וואָס האָבן געשטעלט אַ באַוואָפנטן ווידער־שטאַנד די נאַציס (נאָך אין 1942), געהערט ניעסוויזש. ליידער זיינען ניט באַקאַנט קיין גענויע פרטים וועגן פאַרלויף פון די קאַמפן. לויט אַ ידיעה פון יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע, זיינען אויך פאָרגעקומען קאַמפן צווישן די דייטשן און יידן אין קלעצק און אין ראַדון (געבורטסשטאָט פון חפץ חיים). אין קלעצק זאָלן האָבן אומ־געקומען אַלע יידן. אין ניעסוויזש איז אין דער שלאַכט געפאַלן אַ גרויסע צאָל נאַציס און יידן. אין ראַדון האָט זיך די גרעסטע צאָל יידן געראַטעוועט אין די וועלדער און דאָרט פאַרמירט אַ גערילאַ־באַנדע, וואָס קעמפט מיט דערפאָלג מיט די נאַציס. *)

אין מינסק־מאַזאָוועצק (קרייז וואַרשע) איז פאָרגעקומען (אין ערשטן פערטל פון 1943) אַ קאַמף צווישן יידן און דער דייטשער פאָ־ליציי. **) די נאַציס האָבן אַריינגעטריבן 350 יידן אין אַ שול־געביידע און דערהרגעט 30 נפשות. די איבעריקע האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט אין דער געביידע און פאַרפירט אַ קאַמף מיט די נאַציס, וואָס האָט אָנ־געהאַלטן עטלעכע שעה. די יידן האָבן זיך אָפּגעזאָגט אונטערצוגעבן זיך. צום סוף האָבן די נאַציס אונטערגעצונדן די געביידע, און די יידן זיינען אומגעקומען אין די פלאַמען.

קאַמפן זיינען אויך פאָרגעקומען אין עטלעכע שטעט אין וואָלין. ליידער זיינען ניט באַקאַנט קיין גענויע פרטים. מיר ווייסן נאָר די נעמען פון אַ רייע באַקאַנטע חלוצישע יוגנט־טוער, וואָס זיינען גע־פאַלן אין קאַמף מיט די נאַציס.

זייערע נעמען זיינען: עדעק גאַלאָוונער, לאה פיש, שיינדל שוואַרץ, רחל פאָגעלמאַן, מאַניעק ווינניצקי, נוטע סלאָמניצקי און יהודה גליק־מאַן.

---

*) „מאָרגן־זשורנאַל" פון 15טן יאַנואַר 1944.
**) „אונזער צייט", נומער 7, יולי 1943.

אויך אין טשענסטאָכאָוו זיינען פאַרגעקומען יידיש־דייטשע קאַמפן. וועגן זיי האָט מיטגעטיילט יוסף, איינער פון די 3 חלוצים פון פוילן, וועלכע האָבן זיך דורכגעשלאָגן קיין ארץ־ישראל און האָבן אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער לאַגע פון די פוילישע יידן אויף דער קאָנפערענץ פון „קבוץ המאוחד" אין גבעת ברנר. אין קאַמף זיינען געפאַלן רבקה גלאַנץ און אַנדערע. אויך דער יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט דערציילט אין זיין פיל מאָל ציטירטן ראַפּאָרט וועגן די קאַמפן אין טשענסטאָכאָוו.

פון סעפּטעמבער 1943 איז געקומען קיין ארץ־ישראל אַ קורצע ידיעה פון די חלוצישע קאַמף־גרופּעס: „די זעלבסטשוץ קעמפּט. שוין עטלעכע טעג ווי זי איז טעטיק אין לאָדזש און אין ביאַליסטאָק. שריפה׳מן (שריפה — אונטערצינדונג) האָט באַזוכט טרעבלינקע (דער לאַגער אין טרעבלינקע איז געוואָרן פאַרברענט). אַלע אַרבעטן איצט אין דער פירמע מחתרת (אונטער ערד) אין פאַרטיידיקונג ביי לובלין". *)

דער באַריכט פון „בונד" (פון יוני 1943) דערציילט, אַז „ביי דער איצטיקער ליקווידאַציע פון אַ רייע געטאָס קומען אָן פון פאַרשידענע זייטן פאָדערונגען, מען זאָל זיי געבן געווער. עס קומט ניט איצט צו אַזעלכע קאַמפן, ווי די וואַרשעווער געטאָ־שלאַכט, דאָך זיינען איצט פאַראַן פיל מער פאַלן פון ווידערשטאַנד ווי פריער. דער וואַרשעווער ביישפּיל האָט געווירקט דערמוטיקנדיק. ליידער האָבן די אומשטאַנדן אין די אַנדערע ערטער ניט געגעבן קיין מעגלעכקייט זיך צוצוגרייטן צו אַזאַ קאַמף". **)

צום באַדויערן האָבן מיר ניט אין איצטיקן מאָמענט קיין גענויע ידיעות וועגן די קאַמפן אין לאָדזש, וועגן וואָס עס באַריכטעט די ידיעה פון די החלוץ־קרייזן, וואָס מיר האָבן פריער געבראַכט. דערפאַר ווייסן מיר גענוי, אַז אין פעברואַר 1943 איז דורכגעפירט געוואָרן אין לאָדזש אַ גענעראַל־סטרייק צוליב דעם, וואָס די דייטשן האָבן דעמאָלט אָנגע־הויבן מאַסן־עקזעקוציעס. דער סטרייק האָט געהאָלפן. די עקזע־קוציעס זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרן.

אַ חלוץ, וועלכער איז אַליין געווען אין לובלין ביז סוף מאַי 1943 און האָט זיך פון דאָרט געראַטעוועט, אַנטלויפנדיק קיין אויסלאַנד, האָט איבערגעגעבן אַ העכסט־אינטערעסאַנטן באַריכט וועגן אַ קאַמף צווישן

---

*) מ. נישטט, „שנת השמדה", ז׳ 22.

**) „פאָרווערטס" פון 19טן אַפּריל 1944.

1,500 יידישע קריגס־געפאַנגענע אין אַ לאַגער ביי לובלין און זייערע באַצישע וועכטער.

דער גראַטעוועטער, וועלכער האָט זיך אויך געפונען אין לאַגער פאַר קריגס־געפאַנגענע, איז אַריינגעפאַלן צו די דייטשן אַלס סאָלדאַט אין דער פוילישער אַרמיי בעת דעם קריג אין סעפטעמבער 1939 און איז געוואָרן אַוועקגעפירט אין אַ לאַגער ביי בערלין. פון דאָרט איז ער געבראַכט געוואָרן קיין לובלין אין פעברואַר 1941. ער איז געווען אַן עדות פון דער שרעקלעכער טראַגעדיע פון די יידן אין לובלין אונטער דער נאַצי־הערשאַפט.

ווי דער גראַטעוועטער חלוץ גיט איבער אין זיין באַריכט, וואָס איז פון אַ נייטראַלער מדינה געוואָרן איבערגעשיקט דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק, איז דער געפאַנגענען־לאַגער געווען אַן אָפּטיילונג פון אַ גרויסן יידן־לאַגער, וואָס איז געוואָרן אויפגעבויט אין זומער 1941 אויפן וועג פון לובלין קיין פיאַסקי.

אין דער באַזונדערער אָפּטיילונג פאַר קריגס־געפאַנגענע (יידן) זיינען עטלעכע מאָל געמאַכט געוואָרן פרואוון צו אַנטלויפן און אַריבער־צוגיין צו די פאַרטיזאַנען, וואָס אָפּערירן אין גרעסערע צאָלן אין די וועל־דער אַרום לובלין. שוין אייניקע טעג נאָכדעם, ווי מ׳האָט די געפאַנ־גענע געבראַכט פון לובלין, זיינען 14 מאַן אַנטלאָפן. פאַר יעדן איינעם פון זיי האָט מען דערהרגעט צוויי מאַן פון די פאַרבליבענע. אַרום 1,500 מאַן פון די געפאַנגענע פלעגן געפירט ווערן אויף אַרבעט מחוץ דעם לאַגער. 100 געפאַנגענע האָבן זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט דער אונטערערדישער פוילישער אָרגאַניזאַציע און האָבן זיך געגרייט אָנצו־שליסן אַן די פאַרטיזאַנען אין אַ וואַלד, 70 קילאָמעטער פון לובלין. אין אַ פרילינג־אָוונט האָט זיך זיי איינגעגעבן אַרויסצונעמען אַ צאָל ביקסן פון דייטשן אַמוניציע־לאַגער. די פוילישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע האָט זיי צוגעשטעלט אוניפאָרמען פון פוילישע פאָלי־ציאַנטן, אַ טייל פון וועלכע האָט מיטגעהאָלפן די דייטשן צו באַקעמפן די פוילישע פאַרטיזאַנען און פאַטריאָטן. אין אוניפאָרמען פון פוי־לישע פאָליציאַנטן זיינען די 100 קריגס־געפאַנגענע דורכגעגאַנגען ביי־נאַכט דאָס טויער פון לאַגער, זיינען אַרויס פון לובלין און זיך דורכגע־קראָגן צום וואַלד, וואו ס׳האָבן זיך אויפגעהאַלטן די פאַרטיזאַנען.

די נאַציס האָבן אַלס שטראָף זיך געוואָלט אָפּרעכענען מיט די 1,500 קריגס־געפאַנגענע, וואָס פלעגן אַרויסגענומען ווערן צו דער אַרבעט, און האָבן זיי דורך די גאַסן פון לובלין געטריבן אין דעם לאַגער,

וואו עס געפינט זיך דער באַראַק מיט דער „גאַז־קאַמער“, וואו מען פלעגט פאַרסמען מיט גאַז די אַהינגעבראַכטע קרבנות. די געפאַנגענע האָבן אָבער באַשלאָסן צו פאַרטיידיקן זייער לעבן.

איינער פון די געפאַלענע, קאַגאַנאָוויטש, וואָס איז פאַרן קריג געווען אַ מיטגליד פון אַ ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, האָט גע־געבן דעם אָפּגערעדטן סיגנאַל, און ס'איז געוואָרן געעפנט אַ שיסעריי אויף די נאַצי־וועכטער. אַ צאָל געפאַנגענע האָט געהאַט ביי זיך באַ־האַלטן געווער. אַנדערע האָבן אַטאַקירט אַ דייטשן געווער־סקלאַד, וואָס האָט זיך געפונען דערנעבן, און האָבן זיך פאַרזאָרגט מיט אַ ביסל געווער.

אין רעזולטאַט פון דער אויסגעבראָכענער שלאַכט, וואָס האָט גע־דויערט אַ גאַנצן טאָג אויף די גאַסן פון לובלין, איז די גאַנצע אָפּטיי־לונג שטורמיסטן, וואָס האָט געפירט די געפאַנגענע, געוואָרן אויסגע־הרגעט. פון די יידישע געפאַנגענע האָט זיך 800 איינגעגעבן צו אַנט־לויפן, 400 זיינען געפאַלן אין קאַמף ביי דער אַטאַקע אויפן דייטשן געווער־סקלאַד און נאָר 300 זיינען געכאַפּט געוואָרן דורך די נאַציס. קאַגאַנאָוויטש אַליין איז געפאַלן אין דער שלאַכט, נאָכדעם ווי ער האָט דערהרגעט דריי דייטשע סאָלדאַטן און אַן אונטער־אָפיציר. ער איז געפאַלן מיט אַ ביקס און דום־דום־קוילן אין דער האַנט.

דער באַריכט פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט גיט אויך איבער, אַז קאַמפן זיינען פאָרגעקומען אין ווילנע און אין אַ צאָל קלענערע שטעט.

## די פאָן פון רעוואָלט איבער זאַגלעמביע און גאַליציע

אויך אין זאַגלעמביע (קוילן־ און אינדוסטריע־ראַיאָן אין דרום־מערב־פוילן) און אין מערב־ און מזרח־גאַליציע האָבן די יידן אין פיל ערטער געשטעלט אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד די נאַציס. די חלוצי־שע יוגנט־באַוועגונג אין אַלע אירע פאָרמען האָט גענומען דעם פירנ־דיקן אָנטייל אין דאָזיקן הערואישן געראַנגל.

נאָך דעם 5טן דעצעמבער 1942 שרייבט ה. פון בענדין: „עטלעכע מאָל האָט אונז באַזוכט דער אומאָנגענומער הער גרושינסקי (גירוש). ביז איצט האָב איך מיט אים געקענט איינאָרדענען די פאַמיליע־

סכסוכים אויף אַ פרידלעכן אופן, אָבער ער וועט אונז מסתמא אינגיכן ווידער באַזוכן, און ווער ווייסט ווי די לאַגע וועט דעמאָלט אויסזען. אין יעדן פאַל וועל איך איינלאַדן מיין שוועסטערקינד הגנסקין (הגנה — זעלבסטשוץ), אפשר וועט ער אויף אים האָבן אַ השפעה — — —"

דעם 27טן יוני 1943 שרייבט מען פון זאַגלעמביע: „...מיט אַ וואָך צוריק האָבן זיך געגרייט (נעמען פון 5 חברים) און מיט זיי נאָך דריי־סיק, צום שפּאַציר. און מיר האָבן זיך געפרייט, אַז זיי וועלן זיך אַ ביסל אָפּרוען; און פּלוצים — זיינען זיי גאָר געפאָרן אָפּרוען זיך צו מותיה (מות — טויט). איך מיין, אַז דאָרט וועלן זיי האָבן אַ בעסערן אָפּרו. אַנדערע זיינען געפאָרן צום פעטער גרשון. דאָס פאַרגרעסערט אונזער אַרבעט, מ'דאַרף צוגרייטן עסן און קליידער, אָבער מיר זאָרגן זיך באַזונדערס פאַר אונזער געליבטער הגנה, וואָס איז אונז שטענדיק געווען אַמשטאַרקסטן באַליבט".

דעם 30טן יוני שרייבט מען: „....אין די לעצטע ימים־טובים האָבן מיר פאַרבראַכט אין משפּחה־קרייז. ס'איז אויך געווען אַנוועזנד דער פעטער גרשון און האָט זיך געפרייט מיט אַלעמען. ער פילט זיך זייער גוט און פאַרזיכערט אונז, אַז ער וועט אונז באַזוכן זייער אָפט". און דעם 1טן יולי: „ביי אונז איז געווען הרג (הריגה — מאָרד) צוזאַ־מען מיט כליונסקי (כליון — פאַרניכטונג). נוערקע (נוער — יוגנט) האָט מיט אים גוט פאַרבראַכט".

דעם 25טן יולי שרייבט מען פון „דרום־מערב־פּוילן": „די גרויסע מערהייט פון אונזער משפּחה פאַרברענגט איצט, ווי דו ווייסט, ביי אונ־זער פריינד מותעצקי. ד. און זיינע חברים זיינען געפאָרן צום הער יערסקי (יער — וואַלד; זיך אַנגעשלאָסן אָן די פּאַרטיזאַנען־גרופּעס).

דעם 20טן אויגוסט שרייבט הערשל שפּרינגער אין זיין בריוו, וואָס איז, זעט אויס, געווען דער לעצטער פאַר זיין העלדן־טויט: „כ'האָב ניט געהאַט לעצטנס קיין צייט. ווי דו ווייסט, האָט גרשון אָפּגעשטאַט זיין פון לאַנג צוגעזאָגטן באַזוך; ער האָט פאַרבראַכט מיט אונז דריי וואָכן און אַלעמען גענומען צו מותה. אויך איך, זעט אויס, וועל פאָרן צו אים אין די נאָענטסטע טעג און אפשר נאָך היינט".

אין אַ פריערדיקן בריוו פון 24טן יולי שרייבט פרומקע (פירערין פון החלוץ, וואָס איז געפאַלן ביי די קאַמפן אין זאַגלעמביע): „הגנה איז געזונט. זי זעצט פאָר איר אַרבעט אויפן זעלביקן פּלאַץ". דעם זעל־ביקן טאָג שרייבט מען אין אַן אַנדערן בריוו פון בענדין: „גיט אָפּ גרוסן ל... (די וועלט־באַוועגונג) און ל... (די באַוועגונג אין ארץ־

ישראל) אונזערע הארציקסטע גרוסן. זאָלן זיי טרייסטן זייער מאַמען צום טויט פון עמי, און זאָלן זיי אים פאַרטרעטן. מיר האָפן, אַז דאָס פאָטערלאַנד וועט בלייבן לעבן און זיין געזונט, און ס׳וועט זיין ווער ס׳זאָל פאַר איר זאָרגן. הגנה איז, צו אונזער באַדויערן, זייער שוואַך, אָבער דאָס איז ניט אונזער שולד״.

אַ ייד, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון פוילן און איז געקומען קיין ארץ־ישראל סוף 1943, האָט איבערגעגעבן, אַז אין דער בענדינער געטאָ זיינען פאָרגעקומען פיל קאַמפן מיט די נאַציס אין אויגוסט 1943, ווען מ׳האָט דעפּאָרטירט קיין אָשוויענטשים די 30,000 יידן פון בענדין און סאָסנאָוויץ. פיל זעלבסטשוץ־קעמפער פון בענדין האָבן זיך אויך דורכגעגנבעט דורך אונטערערדישע טונעלן און היילן און געוואָרפן באָמבעס אויפן שונא אין קאַטאָוויץ, סאָסנאָוויץ און אַנדערע שטעט. אין דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָבן גענומען אָנטייל אַלע ציוניס־טישע יוגנט־גרופּעס, ווי „דרור״, „השומר הצעיר״, „הנוער הציוני״, „גורדוניה״. אַ גאָר אַקטיוון אָנטייל האָבן אויך גענומען אין די קאַמפן מיטגלידער פון דער יוגנט־באַוועגונג פון „מזרחי״ — „תורה ועבודה״.

ווי ס׳האָט איבערגעגעבן חבר יוסף, איינער פון די דריי חלוצים פון פוילן, וועלכע זיינען אָנוועזנד געווען אויף דער באַראַטונג פון „קבוץ המאוחד״ אין גבעת ברנר, האָבן די פירער פון דער יידישער קהילה אין בענדין געשטערט דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע צו אַנטוויקלען אַ ברייטע טעטיקייט. אַנצוהערעניש וועגן די דאָזיקע שוועריקייטן גע־פינען מיר אויך אין די חלוצים־בריוו (אין „מכתבים מן הגיטאות״). דאָך האָט די אָרגאַניזאַציע זיך ברייט פונאַנדערגעצווייגט. ווען מ׳האָט אָנגעהויבן דעפּאָרטירן די יידן, האָט זיך די יידישע יוגנט געריסן צום קאַמף, וואָס איז אַממערסטן געוואָרן אָנגעפירט פון באַהעלטענישן אויס, אין קעלערן און היילן.

„די אונטערערדישע גראָבנס זיינען געווען איינגעאָרדנט ווי אויף אַ ריכטיק שלאַכטפעלד. ווען פרומקע האָט דערהערט די טריט פון די דייטשן, האָט זי געגעבן אַ באַפעל צו שיסן, און תיכף זיינען אַוועק־געלייגט געוואָרן צוויי אָנפירער, וואָס זיינען געקומען צו ענדיקן מיט די בענדינער יידן. דעמאָלט האָט מען אָנגעשטעלט אויף איר גראָבן מאַשין־ביקסן, וואָס האָבן גערעגנט מיט קוילן, און די פאַרטיידיקער פון די גרובן זיינען ממש געוואָרן דורכגעלעכערט פון די קוילן״.

ווייטערע פאַקטן וועגן די קאַמפן פון די חלוצים גיט איבער מרים

— אַ יונגע חלוצה פון בענדין, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון נאַצישן גיהנום און איז אָנגעקומען אין אַ נייטראַל לאַנד.

לויט איר אינפאָרמאַציע, האָבן די חלוצים פיל געליטן פון מאַנגל אין געווער. פאַר אַ רעוואָלווער האָט מען געצאָלט 7,000 רייכסמאַרק. דאָס געווער האָט מען איינגעהאַנדלט ביי פאַליאַקן, און ס'איז ניט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע. פיל חברות זיינען אויך אַרויסגעפאָרן איבערן לאַנד צו קריגן געווער, און מ'האָט איינגעקויפט וואו מ'האָט נאָר געקאָנט. די חלוצים־גרופּע, אין וועמענס שפּיץ ס'זיינען געשטאַנען פרומקע און שפּרינגער, האָט שוין געהאַט גוט פאַרזיכערט איר אונ־טערערדישע באַהעלטעניש, זיינען געוואָרן אַרויסגעשיקט עטלעכע חברים, כדי אָנצובינדן באַציאונגען מיט דער חלוצים־גרופּע פון די ניי־וואַרשטאַטן, כדי זיי אַריבערצופירן אין די אונטערערדישע גראָבנס.

מען האָט אָפּגערעדט מיט אַ געוויסן פאַליציאַנט, אַז אַ גרופּע חלוצים וועט זיך מיט אים טרעפן און ער וועט זיי אַוועקפירן אין די ניי־וואַרשטאַטן. נאָר זעקס חברים פון דער גרופּע האָבן געוואָגט צו גיין מיטן פאַליציאַנט; די אַנדערע האָבן אים פאַרדעכטיקט, אַז ער איז אַ פּראָוואָקאַטאָר. פון די זעקס, וואָס זיינען מיט אים מיטגעגאַנגען, זיינען נאָר צוויי צוריקגעקומען אין די באַהעלטענישן.

אַ געהיים־אַגענט איז נאָכגעגאַנגען די דאָזיקע צוויי חברים און ער האָט באַמערקט, וואוהין זיי זיינען אַריין. עס איז גלייך אַלאַרמירט געוואָרן די „געסטאַפּאָ" און זי האָט געשיקט אַן אָפּטיילונג אַגענטן אויפצודעקן די באַהעלטעניש. די אַגענטן האָבן נאָר געוואוסט, אין וועלכן הויז די חלוצים זיינען אַריין, אָבער ניט געוואוסט גענוי דאָס אָרט ,וואו די חלוצים האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. די אַגענטן האָבן אָנ־געהויבן שיסן מיט ביקסן אויפן הויז. פון קעלער האָט מען געענט־פערט מיט אַ שיסעריי. די „געסטאַפּאָ" האָט דעמאָלט געבראַכט פייערלעשער און זיי געהייסן פאַרפלייצן דעם קעלער מיט וואַסער.

אַ טייל פון די חלוצים איז געוואָרן דערטרונקען אין קעלער. אַ רייע חברים איז געפאַלן פון נאַצישע קוילן בעתן צוזאַמענשטויס. עס זיינען אויך געפאַלן טויט 2 נאַצים, צווישן זיי אַ יוגנטלעכער ס. ס.־פירער, געטראָפן פון אַ קויל פון אַ חברטע מיטן נאָמען עליזה. 6־7 חלוצים זיינען געפאַנגען געוואָרן לעבעדיקע. די געפאַנגענע האָט מען גלייך דערשאָסן אין דער פאַליציי. צווישן די געפאַנגענע זיינען געווען פרומקע, עליזה, שפּרינגער און צבי.

אַ צווייטע גרופּע פון „הנוער הציוני" האָט מיט פאַרשידענע מיטלען געזוכט געווער. די פּאַרטיזאַנען פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי האָבן מסכּים געווען אָנצונעמען אַלס מיטגלידער די יונגע יידן נאָר בתנאַי, ווען יעדער איינער וועט מיטברענגען מיט זיך אַ רעוואָלווער. „מען קען זיך גאַרניט פאָרשטעלן — דערציילט איינער פון די אַנטלאָפענע מיטגלידער פון דער גרופּע, וואָס האָט זיך געראַטעוועט אין אַ נייטראַל לאַנד — וואָס מ'האָט אַלץ געטאָן כּדי צו קריגן געווער. מען האָט זיך אַריינגעריסן אין וואוינונגען פון דייטשן און צוגענומען ביי זיי געווער. ביי איינער פון די דאָזיקע אַטאַקעס האָט מען געכאַפּט עטלעכע חברים. דער חלוץ ב. איז געפּייניקט געוואָרן אַזוי אַכזריותדיק, אַז אַפילו ביי די נאַציס האָט מען ניט געהערט פון אַזעלכע גרויזאַמקייטן. אָבער ער האָט אויסגעהאַלטן דעם נסיון און ניט אויסגעגעבן זיינע חברים".

אַזוי אַרום האָט מען געקראָגן 30 רעוואָלווערן. אַ גרופּע פון 20 בחורים און מיידלעך האָט באַשלאָסן זיך דורכצורייסן אין די בערג, זיך אָנצושליסן אָן די פּאַרטיזאַנען. צען זיינען געכאַפּט געוואָרן ביי דער גרענעץ און דערשאָסן געוואָרן. די אַנדערע צען האָבן זיך דורכגעריסן ווייטער.

עטלעכע פירער פון דער גרופּע זיינען דערשאָסן געוואָרן ביי פאַרשידענע אומשטאַנדן. יעקב צימערמאַן האָט גענומען אויף זיך אַרויסצוראַטעווען יידן פון געטאָ און זיי איבערפירן אין באַהאַלטענע ערטער. פיר מיידלעך פון געטאָ האָט ער אויף אַזאַ אופן געראַטעוועט, אָבער ביי אַ צווייטן רעטונגס־פּרואוו איז ער געוואָרן געכאַפּט. ער האָט דערהרגעט די נאַציס און איז אַנטלאָפן, אָבער שפּעטער האָבן די נאַציס אים ווידער געכאַפּט און דערשאָסן.

יוסף באַזשיק און נתן ראָזנצוויג זיינען ביי דער מאַסן־דעפּאָרטאַציע אַריין אין הויז פון קהילה־ראַט, וואָס איז געווען באַוואַכט פון נאַציס, כּדי צוצונעמען דאָס געלט פון דער קאַסע. מיט דעם געלט האָט מען געקענט איבערקויפן און ראַטעווען יידן פון די נאַצי־הענט. זיי זיינען באַפאַלן און האָבן באַזיגט די נאַצי־וואַך, אָבער צום סוף, ווען ס'זיינען אָנגעלאָפן פאַרשטאַרקונגען, זיינען זיי געוואָרן דערשאָסן.

לויט די ידיעות פון „מזרחי"־קוועלן, האָט די זעלבסטשוץ־גרופּע פון „תורה ועבודה" געטויט 20 נאַציס, אין די קאַמפן זיינען אָבער אויך געפאַלן דאָס רוב מיטגלידער פון דער גרופּע. די קאַמפן זיינען פאָרגעקומען אין די חדשים מאַי־יוני 1943. צווישן די געפאַלענע־

נע געפינען זיך די באַקאַנטע מזרחי־טוער אין זאַגלעמביע: צבי קורץ פון בענדין; שבתי יונגסטער, משה לעווין און משה אָפּנהיים פון סאָס־נאָוויץ; משה ווינדמאַן פון זאַוויערטשע און יצחק מאיר שענקער פון מיעכאָוו. *)

אין טאַרנאָוו איז געקומען צו באַוואָפנטע קאַמפן מיט די נאַציס אין די טעג פון 1טן—3טן סעפּטעמבער 1943. לויטן באַריכט פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט (פון נאָוועמבער 1943), האָבן די נאַציס דורכ־געפירט די ענדגילטיקע ליקווידאַציע פון דער געטאָ. די יידן זיינען געוואָרן אַריינגעוואָרפן צו 150 מאַן אין לאַסט־וואַגאַנען, וואָס זיינען געווען אויסגעשיט מיט קאַרביד און ניט־אויסגעלאָשענעם קאַלך, וואָס איז שפּעטער געוואָרן באַגאָסן מיט וואַסער. אין אַזעלכע גיהנום־צוגן זיינען די טאַרנאָווער יידן געוואָרן אַוועקגעשיקט אויף פאַרניכטונג.

אַלע יידישע קינדער זיינען געוואָרן צונויפגעטריבן אין איין גע־ביידע. די אומגליקלעכע קינדער האָט מען געזאָגט, אַז מען פירט זיי אין אַ קינדער־היים. די געביידע איז אָפּגעשלאָסן געוואָרן און דער־נאָך אויפגעריסן געוואָרן אין דער לופט.

די יידן אין דער געטאָ האָבן געשטעלט אַ העפטיקן ווידערשטאַנד. די דייטשן האָבן דאָן צוגעפירט פיל געווער און געבראָכן דעם יידישן ווידערשטאַנד.

אין קראָקע זיינען פאָרגעקומען יידיש־דייטשע קאַמפן אין מערץ 1943. ליידער זיינען נישטאָ וועגן זיי קיין גענויע פרטים. אַ ברייטע טעטיקייט האָט דאָרט אַנטוויקלט די קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון דער חלוצישער יוגנט „החלוץ הלוחם" („דער קעמפנדיקער חלוץ"). וועגן דער טעטיקייט פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז פול מיט העראָאיש־דראַמאַטישע עפּיזאָדן, דערציילן מיר אין קאַפּיטל „יידישע פאַר־טיזאַנען אין קאַמף".

אין לעמבערג זיינען עטלעכע מאָל פאָרגעקומען באַוואָפנטע קאַמפן צווישן די נאַציס און זייערע יידישע קרבנות. ווי עס גיט אי־בער אַ פראַנצויזישער געפאַנגענער אָפיציר, וועמען ס'איז געלונגען צו אַנטלויפן און זיך דורכצורייסן קיין אויסלאַנד, האָט ער בייגעוווינט די שחיטה אויף יידן אין אָנהייב פון 1943. די יידן האָבן געשטעלט

*) אַרטיקל פון הרב אַהרן פעטשעניק אין „מאָרגן־זשורנאַל" פון 28טן דעצעמ־בער 1943.

אַ העפטיקן ווידערשטאַנד. דער ווידערשטאַנד איז געוואָרן געבראַכן נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן באַנוצט פלאַמען־וואַרפער.

אויך פון אַן אַנדערער — דאָס מאָל אַ יידישער — קוועלע ווערן מיר געוואויר וועגן יידיש־דייטשע קאַמפן אין לעמבערג. די קאַמפן זיינען אויסגעבראָכן אין נאָוועמבער 1943, ווען די נאַציס זיינען צוגע־טרעטן צו „ליקווידירן" די איבעריקע לעבן־געבליבענע יידן פון לעמבערג. פון אַן אַרבעטס־לאַגער, וואו עס האָבן זיך געפונען קרוב 5,000 יידן, זיינען אַנטלאָפן 2,000 יידן דעם 18טן נאָוועמבער 1943, צו־זאַמען מיט אַרום 100 וועכטער, וואָס האָבן געהיט די אינטערנירטע. צומאַרגנס, גיט איבער דער באַריכט, וואָס איז אָנגעקומען אין יידישן וועלט־קאָנגרעס, איז געקומען אין לאַגער אַ „שטראָף־עקספעדיציע" פון דער געסטאַפּאָ, וואָס האָט זיך אָבער אָנגעשטויסן אויף אַ העפטיקן ווידערשטאַנד פון די פאַרבליבענע 2,500 יידן. עס איז אויסגעבראָכן אַ קאַמף, אין וועלכן אייניקע צענדליק דייטשן זיינען דערהרגעט גע־וואָרן, און אייניקע צענדליק זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן. די יידן האָבן געקעמפט העלדיש ביז דער לעצטער מעגלעכקייט. די נאַציס האָבן צום סוף אויסגעמאָרדעט אַלע יידן פון דעם לאַגער און האָבן אין איילעניש באַגראָבן זייערע קרבנות. דערביי זיינען פיל פאַרוואונ־דעטע באַגראָבן געוואָרן לעבעדיקערהייט, צווישן זיי אַ סך פרויען און קליינע קינדער.

קאַמפן צווישן די יידן און דייטשן זיינען אויך פאָרגעקומען אין באָריסלאַוו — דעם באַקאַנטן נאַפט־צענטער אין מזרח־גאַליציע, מיט פיל הונדערטער יידישע נאַפט־אַרבעטער. ליידער גיט ניט אָן דער באַ־ריכט קיין גענויערע פרטים וועגן די דאָזיקע קאַמפן.

מיר האָבן ניט קיין ידיעות פון אַלע שטעט און לאַגערן, וואו עס זיינען פאָרגעקומען פאַרצווייפלונגס־קאַמפן צווישן די טויט־פאַרמשפטע יידן און זייערע מערדער. אָבער איין זאַך איז זיכער — די יידן האָבן אין זייער פיל פלעצער געפרואווט שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, אָבער ניט איבעראַל איז עס זיי געלונגען.

זייער כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט די דערציילונג פון אַ ייד פון קאָלאָמיי (מזרח־גאַליציע), וועלכער האָט זיך אַרויסגעראַ־טעוועט און זיך דערשלאָגן קיין ארץ־ישראל. *)

*) מנחם טרייסט אין „פאָרווערטס" פון 5טן אַפּריל 1944.

„אויף דער פראַגע, פאַרוואָס מען האָט זיך ניט אַקעגנגעשטעלט, איז געקומען אַ פּשוטער ענטפער: עס איז ניט געווען קיין געווער... מען מוז געדענקען, אַז וואָס קלענער ס'איז געווען דער פּלאַץ, אַלץ שווערער זיינען געווען די פאָלגן פאַר יעטוועדן אַרויסטריט פאַר דעם כלל. צום סוף, ווען אויך די אינטעליגענץ איז פאַרניכטעט געוואָרן, איז די יידן באַפאַלן אַזאַ אַפּהעטיקייט, אַז עס איז שוין געווען אַלץ איינס, וואָס עס וועט געשען... אין די לעצטע רגעס, ווען די יידן פון קאָלאָמיי זיינען געפירט געוואָרן צום טויט, האָבן זיי אַלע געריפן זייערע ברידער אין אויסלאַנד: פאַרגעסט ניט אָן אונזער בלוט און נעמט נקמה!"

ווייטער שילדערט דער ייד די שרעקלעכע עינויים, וואָס די יידן האָבן געליטן אין אַרבעטס־לאַגער אויף דער יאַנאָווסקע. אויסער אַלע געוויינלעכע נאַצישע פייניקונגען איז צוגעקומען אַ נייע סאַדיסטישע „דערפינדונג": דאָס הענגען פון יידן לויטן מוסטער פון קרייצן יעזוסן... פאַר דער מינדסטער אומגעהאָרכזאַמקייט פלעגט מען באַשטראָפן דעם יידן מיטן אויפהענגען אים אַלס „געקרייציקטן" אויף ברעטער, און דער ייד איז אַזוי געהאַנגען ביז די נשמה איז אים אויסגעגאַנגען אין די שווערסטע יסורים. די „געהאַנגענע" פלעגן געשוואָלן ווערן פון הונגער און די אויגן פלעגן זיי אַרויסקריכן פון די לעכער. דאָס איז געווען די שרעקלעכסטע שטראָף, וואָס מען האָט געקאָנט געבן אַ יידן. אין דעם דערמאָנטן לאַגער האָט אַ דייטש געקענט צעטרעטן מיט די שטיוול אַ יידן, און עס איז אים גאָרניט געשען דערפאַר.

„און טראָץ די דאָזיקע עינויים, האָבן די יידן גענומען טרוימען וועגן נקמה און אָנגעהויבן צו זאַמלען געווער, כדי צוצוגרייטן זיך צום אויפשטאַנד. שווער זיך פאָרצושטעלן, וויפיל מי מען האָט זיך געמוזט געבן און וויפיל איינפאַלן אויסנוצן, כדי ווי עס איז אַנצוזאַמלען די קלענסטע צאָל געווער. אַז אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דייטשן האָבן זיך דערוואוסט דערפון און האָבן אַלע יידן אַוועקגעשיקט אין פאַרשידענע פּונקטן. אין זייער אָפּוועזנהייט האָבן זיי דורכגעפירט אַ גרינטלעכע רעוויזיע און אויסגעפונען דאָס געווער. פיל פון די יידן אין לאַגער האָבן באַצאָלט דערפאַר מיט זייער לעבן. אָבער די איבערגעבליבענע האָבן אָנגעהויבן פונדאַסניי צו זאַמלען געווער, ווייל קיין אַנדער ברירה איז ניט געווען. אָן דער אויסזיכט פון נקמה האָט דאָס לעבן אין לאַגער ניט געהאַט קיין שום באַרעכטיקונג".

# פאַרביטערטע קאַמפן אין די לאַגערן פון אַרבעט און טויט

## (טרעבלינקאַ, סאָביבאָר, טראַווניקי און פּאָניאַטאָוו)

דער גייסט פון יידישן ווידערשטאַנד, דער לאָזונג „שטאַרבן מיט כבוד" איז אויך אַריינגעדרונגען צו די טויט־פאַרפייניקטע און טעראָ־ריזירטע יידן אין די טויט־לאַגערן פון טרעבלינקאַ און סאָביבאָר, און אויך דאָרט האָבן די שוצלאָזע יידן באַוויזן זיך צו אָרגאַניזירן און אַריינשמוגלען געווער מיט דער הילף פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַ־ניזאַציע און זיי האָבן זיך בלוטיק נוקם געווען אין זייערע פייניקער.

אין טרעבלינקאַ ווי אין סאָביבאָר האָבן זיך די יידן אָרגאַניזירט אין קאַמף־גרופּעס, צו פינף מאַן אין אַ גרופּע. אין אַ באַשטימטן טאָג האָבן זיי, לויט אַ געגעבענעם סיגנאַל, אָנגעהויבן דעם קאַמף.

פון די באַריכטן פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט אַנטפּלעקט זיך אַ בילד פון גרענעצלאָזן העראָאיזם, וואָס קען זיך שטעלן פאַרגלייכן מיט די העלדנטאַטן פון וואַרשע און ביאַליסטאָק.

אין טרעבלינקאַ איז דער אויפשטאַנד אויסגעבראָכן אָנהייב אוי־גוסט 1943. די רעוואָלטירנדיקע יידן האָבן אויסגעהרגעט ביז איי־נעם די 30־קעפּיקע וואַך פון נאַציס און אוקראַאינער. די יידן האָבן צוגענומען דאָס געווער, אונטערגעצונדן אַלע געביידעס, פאַרניכטעט אַלע עלעקטרישע דראָטן און דורכגעשלאָגן זיך אַ וועג אין שכנות־דיקן וואַלד. 200 יידן זיינען דאָרט אַנטלאָפן.

פּונקט מיט אַזאַ העראָאיזם ווי אין טרעבלינקאַ איז פאָרגעקומען דער אויפשטאַנד אין סאָביבאָר אין אָקטאָבער 1943. אויך דאָרט, פּונקט ווי אין טראַווניק, זיינען פריער געוואָרן אויסגעשלאָכטעט אין די גאַז־קאַמערן הונדערטער טויזנטער יידן. די העלדישע יידישע קעמפער האָבן אַנטוואָפנט און אויסגעהרגעט די מערהייט פון די דייטשע און אוקראַאינישע וועכטער, האָבן פאַרברענט די גאַז־קאַמערן אין אויוונס און זיינען אַוועק אין די וועלדער פון דער אומגעגנט.

„די נייעס וועגן די דאָזיקע העראָאישע טאַטן האָט זיך מיט אַ בליציקער שנעלקייט פאַרשפּרייט איבער דער לענג און ברייט פון לאַנד" — דערציילט דער אונטערערדישער באַריכט פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט.

אַ ידיעה פון דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג גיט איבער, אַז אין סאָביבאָר זאָלן האָבן געוואָרן אויסגעהרגעט צוויי הונ־דערט נאַציס און אוקראַאינישע פאַשיסטן.

ענלעכע קאַמפן זיינען אויסגעבראָכן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין טראַווניקי און פּאָניאַטאָוו (אין לובלינער קרייז).

אין טראַווניקי האָבן די נאַציס דורכגעפירט אַ שוידערלעכע שחיטה דעם 3טן נאָוועמבער 1943. 6 אַזייגער אינדערפרי האָבן די נאַציס אָנגעהויבן די הריגות, און 4 נאָכמיטאָג האָט שוין קיינער פון די 10,000 געפאַנגענע ניט געלעבט. לויט די אינפאָרמאַציעס פון דער אונטערערדישער צייטונג „ביולעטין אינפאָרמאַציני" פון 11טן נאָוועמ־בער 1943, זיינען צווישן די קרבנות געווען אַ סך יידישע זעלנער פון דער פּוילישער אַרמיי. דאָס קנאַלן פון די מאַשין־ביקסן איז באַגלייט געוואָרן דורך מוזיק פון מעגאַפאָנען.

פרייטיק דעם 5טן נאָוועמבער איז פאָרגעקומען אַ מוראדיקע שחיטה פון די יידן אין די אַרבעטס־לאַגערן אַרום לובלין. פון די אַלע לאַגערן האָט מען פאַרשלעפּט די יידן קיין מאַידאַנעק און זיי דאָרט דערשאָסן.

מאָנטיק דעם 8טן נאָוועמבער האָט זיך אָנגעהויבן אַ שחיטה אין דעם לאַגער פון פּאָניאַטאָוו. גאַנץ פרי האָט אַ גרויסע אָפּטיילונג פון שטורמיסטן און זשאַנדאַרן אין אויטאָס אַרומגערינגלט דעם לאַגער אין פּאָניאַטאָוו. אין דעם מאָמענט איז די דאָרטיקע אָפּטיילונג פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אַרויס אין קאַמף. די יידן האָבן אונטער־געצונדן די מאַגאַזינען און וואַרשטאַטן פון דייטשע מיליטערישע מונ־דירן. דער קאַמף האָט אָנגעהאַלטן דריי טעג. די נאַציס האָבן גע־מאַכט אַ שוידערלעכע בלוט־באָד. מיטוואָך, דעם 10טן נאָוועמבער, איז שוין געווען נאָך אַלעמען. 15,000 קדושים זיינען אויסגעשאָכטן געוואָרן. די נאַצי־באַרבאַרן האָבן די טויטע קערפּערס פון די יידן פאַרברענט אויפן אָרט. זיי האָבן אויך פאַרברענט לעבעדיקערהייט אַ פּאָר הונדערט יידן. די געשרייען און געוואַלטן פון די אומגליקלעכע און די קנאַלן פון די אומאויפהערלעכע שיסערייען האָבן זיך צעטראָגן איבער דער גאַנצער געגנט. אַ גאַנצע וואָך האָט מען נאָך געפילט אויף ווייטע שטרעקעס דעם גערוך פון די פאַרברענטע קערפּערס.

לויט דער אינפאָרמאַציע פון „ביולעטין אינפאָרמאַציני" פון 11טן נאָוועמבער 1943, זיינען דאָרט געוואָרן דערהרגעט 60 ס. ס.־לייט.

די נאַציס האָבן געוואוסט, אַז אין טראַווניקי און אין פּאָניאַטאָוו געפינען זיך אָפּטיילונגען פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, און זיי האָבן דערפאַר אָנגעווענדט אַ נייע טאַקטיק ביי דער דורכפירונג פון די מאַסן־שחיטות. אין דיביידע ערטער האָבן די דייטשן גע־בראַכט אַ מאַסע שטורמיסטן און זשאַנדאַרן, וועלכע האָבן פאַרפלייצט די לאַגערן. די יידן זיינען צונויפגעטריבן געוואָרן אויף אַן ענגן, קליי־נעם פּלאַץ, וואו דער ווידערשטאַנד איז געוואָרן זייער שווער, און וואו די נאַצי־מערדער האָבן געקענט גיכער פאַרענדיקן די שחיטות. אין פּאָניאַטאָוו און אין טראַווניקי האָבן די נאַציס אַפילו ניט געהאַט קיין צוטרוי צו זייערע אוקראַאינישע מיטהעלפער און האָבן אַליין דורכ־געפירט די הריגות.

## אומגעקומענע יידישע געלערנטע



ד"ר יצחק שיפּער



פּראָפ' מאיר באַלאַבאַן

לויטן „ביולעטין אינפאָרמאַציני", זיינען במשך פון איין חודש גע־וואָרן דערהרגעט אין פאַרשידענע אַרבעט־ און קאָנצענטראַציע־ לאַגערן בערך 50,000 יידן.

בעת די שחיטות אין די לאַגערן פון לובלינער ראַיאָן זיינען אומ־געקומען די לעצטע רעשטלעך פון די וואַרשעווער יידן, וואָס זיינען נאָכן אַפּריל־אויפשטאַנד געוואָרן פאַרשלעפּט אין די דאָזיקע לאַגערן. צוזאַמען מיט זיי זיינען געוואָרן געטויט אַ רייע פּאָליטישע פירער פון פאַרשידענע פּאַרטייען, שרייבער, געלערנטע און קינסטלער, ווי אויך פיל גוטע פאַכלייט (אין די דאָזיקע לאַגערן האָט מען דעפּאָרטירט קוואַליפיצירטע פאַכלייט און האַנטווערקער).

דער באַריכט פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט שליסט זיך מיט די ווערטער:

„די ליקווידאַציע פון די לאַגערן אין לובלינער ראַיאָן איז דער אָנהייב פון דער טאָטאַלער אויסראָטונג פון אַלע יידישע לאַגערן, וואָס זיינען נאָך געבליבן אין לאַנד. דאָס איז דער אָנהייב פון סוף פון גאַנצן פוילישן יידנטום".

בעת די קאַמפּן אין די לאַגערן איז אומגעקומען אַ רייע פירנדיקע טוער פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע טוער און אינטעלעקטואַלן.

אין פּאָניאַטאָוו זיינען אומגעקומען: מלך פיינקינד — לינקע פּועלי ציון, קאָמענדאַנט פון דער לאָקאַלער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע; עטקין — „בונד"; שמידט — פּועלי ציון (צ. ס.), פירער פון ספּאָרט־פאַרבאַנד „הפּועל"; ישראל האָפּמאַן — „בונד"; ד"ר דאָברין — אַלגעמיינער ציוניסט; מאיר פּשעדעטש — ג. ראָטמאַן פון לינקע פּועלי־ציון אין וואַרשע; יחיאל טענצער — געוו. ראָטמאַן און קהילה־פּרנס פון לינקע פּועלי ציון אין קאַליש.

אין טראַוונִיקי זיינען געפאַלן: ד"ר וולאַדימיר שיפּריס — קאָמענדאַנט פון דער לאָקאַלער יידישער קאַמף־אָפּטיילונג; אַדוו. אַברהם ווייטעלזאָן — אַלגעמיינער ציוניסט.

אין די לאַגערן אַרום לובלין זיינען אומגעקומען:

ד"ר יצחק שיפּער — דער באַקאַנטער יידישער היסטאָריקער און פירנדיקער ציוניסט, געוו. דעפּוטאַט אין פוילישן פּאַרלאַמענט; אַלעקסאַנדער זישע פרידמאַן — פירער פון דער „אַגודת ישראל"; ד"ר טולאָ נוסענבלאַט — דער ביאָגראַף פון טעאָדאָר הערצל; יוסף קירמאַן — פּאָעט; דאָצענט ד"ר עדמונד שטיין — באַקאַנטער יידישער געלערנטער; אייזיק סאַמבערג — באַקאַנטער אַרטיסט; לאָזער סטאָלער־ריכטער

— פירער פון לינקע פועלי ציון; רעמבא — ציוניסטישער טוער; י. גי־טערמאַן — די פרוי פון י. גיטערמאַן — דער פירער פון „דזשאָינט״ אין פוילן, וואָס איז געוואָרן דערמאָרדעט אין יאַנואַר 1943.

ס׳זיינען אויך אומגעקומען אַ רייע אַנדערע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־טוער פון פאַרשידענע לאַגערן.

## אויף געהיימע וועגן און וועלדער

### (יידישע פּאַרטיזאַנען אין קאַמף)

די ליקווידאַציע פון די געטאָס און מאַסנווייזע אויסראָטונג פון די יידן האָט דערפירט דערצו, אַז ס׳האָט זיך באַדייטנדיק פאַרשטאַרקט דער צושטראָם פון יידן אין די פאַרשידענע פאַרטיזאַנען־אָפּטיילונגען, וואָס זיינען צעשפּרייט געוואָרן איבערן לאַנד. מיר האָבן שוין געזען אין פאַל בענדין, אַז דאָס אַנשליסן זיך אין אַ פאַרטיזאַנען־גרופּע איז געווען דער חלום פון פיל יונגע יידן. אויסער דעם, וואָס פיל יידן זיי־נען אַנגעשלאָסן אָן די פוילישע אָדער געמישטע — אין נאַציאָנאַלן צוזאַמענשטעל — פאַרטיזאַנען־גרופּעס, זיינען טעטיק פיל יידישע פאַרטיזאַנען־גרופּעס. זייער צאָל איז לעצטנס שטאַרק אויסגעוואַקסן. זיי שטייען נאַטירלעך אין קאָנטאַקט מיט די פוילישע אָדער ווייסרוסיש־אוקראַאינישע פאַרטיזאַנען־גרופּעס (די לעצטע אַנטוויקלען אַ זייער לעבעדיקע טעטיקייט אין די מזרח־געביטן פון פוילן), זיך אַרויסהעלפנ־דיק קעגנזייטיק ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, אָבער אין אַלגעמיין פירן די יידישע פאַרטיזאַנען־גרופּעס אָן אַ זעלבסטשטענדיקע טעטי־קייט.

אַ באַריכט, וואָס איז אָנגעקומען פון פוילן דורך אונטערערדישע וועגן און איז געוואָרן צוגעשטעלט פון דער פוילישער רעגירונג צו ד״ר שוואַרצבאַרדן אין אָנהייב 1944, גיט איבער פיל פאַקטן וועגן דער אינטענסיווער טעטיקייט פון די יידישע גערילאַ־גרופּעס. זיי האָבן אַרונטערגעפירט פון די רעלסן פיל צוגן, וועלכע האָבן געפירט מאַ־טעריאַל און סאָלדאַטן צום רוסישן פראָנט. די יידישע קעמפער האָבן געוואָרפן פיל באָמבעס אין קאַפעס און רעסטאָראַנען, וועלכע זיינען געווען באַזעצט מיט דייטשע סאָלדאַטן און אָפיצירן. די יידן האָבן

צעבראָכן מאַשינען און פאַבריקן און דורכגעפירט פיל אַנדערע סאַ־
באָטאַזש־אַקטן. די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע פאַרטיזאַנען גיט
אַרויס אַ צייטונג אין יידיש, וואָס ברענגט די וויכטיקסטע נייעס פון דער
וועלט און באַריכטעט באַזונדערס וועגן דער לאַגע פון די יידן, וועגן
אָנטייל פון יידישע סאָלדאַטן אין די אַרמייען פון די עלאַיס אאַז״ו. אַ
באַזונדער גרויסן פּלאַץ ווערט געווידמעט די נייעס פון ארץ־ישראל
און דער טעטיקייט פון די ארץ־ישראלדיקע יידישע אַרמיי־אָפּטיילונ־
גען.

ניט לאַנג צוריק האָט די אָרגאַניזאַציע אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף
צו דער יידישער באַפעלקערונג צו קעמפן קעגן די נאַציס, אַפילו דע־
מאָלט, ווען דער קאַמף איז האָפענונגסלאָז. „בעסער צו שטאַרבן
קעמפנדיק, איידער אויסגעראָטן צו ווערן אָן ווידערשטאַנד פון די
נאַציס״ — האָט זיך געשריבן אין אויפרוף.

אַ חלוץ, וואָס האָט זיך דורכגעריסן קיין ארץ־ישראל, האָט איבער־
געגעבן אַ ביסל פאַקטן וועגן דער טעטיקייט פון די יידישע פאַרטיזאַנען
אין וואַרשע (דער באַריכט איז געוואָרן אַרויסגעשיקט פון ארץ־ישראל
אין פעברואַר 1944). די יידישע קעמפער זיינען געשטאַנען אין ענגן
קאָנטאַקט מיט די צוויי קאַמפס־אָרגאַניזאַציעס פון די פּוילישע סאָציאַ־
ליסטן און פון די קאָמוניסטן (די אָרגאַניזאַציע פון ענדעקישן אונטער־
ערד האָט ניט געוואָלט קאָאָפּערירן מיט די יידן). מ׳האָט זיך אויס־
געטוישט מיט אינפאָרמאַציע, הילף. מ׳האָט קאָאָפּערירט ביים אַרויס־
באַקומען פּאַספּאָרטן און אַנדערע אָפיציעלע דאָקומענטן, ביים אויס־
באַהאַלטן געווער, ביים דורכפירן אָנפאַלן אויף פּוילישע באַאַמטע אין
פאַרשידענע אַרבעטס־ביוראָס, ווירטשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און
טורמע־קאַנצעלאַריעס, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין נאַציש
מיטהעלפער. עס זיינען אויך געוואָרן דורכגעפירט געמיינזאַמע אָנ־
פאַלן אויף קאַפע־הייזער מיט דייטשע באַזוכער, אויף טורמעס, כדי צו
באַפרייען פּאָליטישע אַרעסטירטע, אויף באַן־בריקן און אַנדערע סטראַ־
טעגיש־וויכטיקע פּלעצער.

ווי עס גיט איבער דער אינפאָרמאַטאָר, האָבן די יידישע פאַר־
טיזאַנען דורכגעפירט די אָנפאַלן אויפן באַרימטן קאַפע־הויז „אודזשיאַ־
לאָוואַ״, וואו עס זיינען געפאַלן טויט און פאַרוואונדעט פיל נאַציס, און
אויף דער פּאָניאַטאָווסקי־בריק איבער דער ווייסל.

איין שטאַרקע פאַרטיזאַנען־גרופּע, וואָס טראָגט דעם נאָמען
„החלוץ הלוחם״ („דער קעמפנדיקער חלוץ״), איז טעטיק אין מערב־

גאַליציע, אין דער געגנט פון קראָקע. וועגן איר ברייט־פּאַרצווייגטער טעטיקייט האָבן מיר פּאַר זיך אַ געגוינעם באַריכט, איבערגעגעבן פון אַ מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכער איז אין אַ באַשטימטער מי־סיע פון דער אָרגאַניזאַציע אָנגעקומען אין אַ שכנותדיק לאַנד פון פּוילן. דער באַריכט איז געוואָרן אָנגעשריבן דעם 14טן סעפּטעמבער 1943 און איז צוגעשיקט געוואָרן דעם יידישן וועלט־קאָנגרעס פון ארץ־ישראל דורך דער פּאַראייניקונג פון פּועלי ציון־התאחדות.

„אין אָנהייב האָבן מיר געאַרבעט צוזאַמען מיט דער אונטער־ערדישער פּוילישער אָרגאַניזאַציע „פּאָלסקאַ פּאַרטיאַ ראָבאָטני־טשאַ" (פּוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי), הויפּטזעכלעך צוליב טאַק־טישע טעמים, כדי צו קענען אַריינשיקן הילף אין די געטאָס. עס זיינען אָבער געווען באַזונדערע יידישע גרופּעס און באַזונדערע פּוילישע. אין אונזער שותפותדיקער אַרבעט מיט דער פּוילישער אָרגאַניזאַציע האָבן מיר געהאַט אַ ביטערע דערפאַרונג. אמת, די פּוילישע אָרגאַניזאַציע האָט אונז געהאָלפן באַקומען „אַרישע" דאָקומענטן, אָבער זי האָט אונז אויסגענוצט וויפיל זי האָט נאָר געקענט. זי האָט זיך באַנוצט מיט אונזערע חברים פאַר דורכ־פירן באַזונדערס געפערלעכע אויפגאַבעס. ווען מען האָט גע־כאַפּט פּאַליאַקן, פלעגט מען זיי אויסטוישן אויף יידן. דאָס אויפ־נעמען מיטגלידער אין דער אָרגאַניזאַציע איז דורכגעפירט געוואָרן מיט אַ באַזונדערן צערעמאָניאַל. אונזערע חברים האָבן אָפּגעגעבן אַ שבועה אין העברעאיש אין דער אָנוועזנהייט פון פאַרשטייער פון פּאַליאַקן. די פריער־געשילדערטע האַנדלונג פון די פּאַליאַקן האָט דערפירט דערצו, אַז מיר האָבן אָפּגעטיילט אונזער אָרגאַני־זאַציע פון דער פּוילישער און געשאַפן דעם „קעמפנדיקן חלוץ". אין אונזער אָרגאַניזאַציע האָבן זיך באַטייליקט אַלע חלוצישע גרופּעס.

מיר האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ וועכנטלעכע אונטער־ערדישע צייטונג אונטערן נאָמען „דער קעמפנדיקער חלוץ". די צייטונג איז דערשינען יעדן פרייטיק אין 250 עקזעמפּליאַרן און האָט געהאַלטן 10 זייטן, געשריבן אויף אַ מאַשין. אונזער צייטונג פלעגט פונאַנדערגעשיקט ווערן אין די געטאָס צו די פאַרטרויי־ונגס־מענער פון אונזערע אָפּטיילונגען. די צייטונג האָט גע־בראַכט ידיעות וועגן אונזער אַרבעט און פלעגט פאַרעפנטלעכן די נעמען פון פּראָוואָקאַטאָרן. אויך האָבן מיר געדרוקט פּאָליטישע

אַרטיקלען וועגן די פּראָבלעמען פון געטאָ און ידיעות פון ארץ־ישראל, וואָס מיר פלעגן נאָך דעמאָלט באַקומען פון אויסלאַנד.

צו דער זעלביקער צייט האָבן מיר אָנגעהויבן אונזער זעלבסט־שטענדיקע אַרבעט. אין וואַרשע האָבן מיר אָרגאַניזירט גרופּעס פון פינף. די דאָזיקע גרופּעס האָבן מיר צעשטעלט אין פאַרשי־דענע געגנטן פון געטאָ, און מיר האָבן זיך צוגעגרייט צו אַן עפנט־לעכן ווידערשטאַנד.

מיר האָבן געוואוסט, וואָס עס וועט זיין דער רעזולטאַט פון אונזער קאַמף. מיר האָבן געוואוסט, אַז אונזערע כוחות זיינען קליין און אַז דער קאַמף איז אַ האָפענונגסלאָזער, אָבער אונז איז געגאַנגען אין דעם אָפּקלאַנג, וואָס אַזאַ ווידערשטאַנד וועט באַ־קומען. אונזער ערשטע אויפגאַבע איז געווען איבערצופאַלן נאַ־צישע פּאַטרולן און זיי צו דערשיסן. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער יידישער עפנטלעכער ווידערשטאַנד אין וואַרשע.

ביז יאַנואַר 1943 האָבן מיר אויך אָרגאַניזירט אין קראָקע איבערפאַלן אויף דייטשע און פוילישע פּראָוואָקאַטאָרן און אויף באַהאַלטענע אַנטיסעמיטן. מיר האָבן געוואָרפן באָמבעס אויף דייטשע קאַפע־הייזער. איינער פון אונז, אָנגעטאָן אין אַ דייטשן מונדיר, האָט אַוועקגעלייגט אַ באָמבע אין דייטשן סינעמאַ „אורא־ניאַ". מיר האָבן אויך דערמאָרדעט עטלעכע דייטשע וועכטער פון דער תפיסה „מאָנטעלופּעק".

זייער אַ שווערע פראַגע איז ביי אונז געווען די פראַגע פון באַקומען געלט. געלט שפּילט זייער אַ גרויסע ראָלע אין אַ פאַרטיזאַנען־קריג. געלט פלעגן מיר באַקומען אויף פאַרשידענע וועגן. טיילמאָל פלעגן זיך אונזערע חברים פאַרקליידן אַלס דיי־טשע הויכע באַאַמטע און פלעגן דאָס געלט באַקומען.

ווען די אַרבעט אין די שטעט, דאָס הייסט אין די געטאָס, איז געוואָרן אוממעגלעך, זיינען מיר אַנטלאָפן אין די וועלדער, און פון דאָרט פאָרגעזעצט אונזער אַרבעט. מיר האָבן זיך הויפּטזעכ־לעך קאָנצענטרירט אויף סאַבאָטאַזש־אַרבעט, אויף אויפרייסן אייזנ־באַן־ליניעס. די דאָזיקע אַרבעט פלעגן מיר אויספירן אויף אַזאַ אופן: אין פאַרלויף פון איין נאַכט אָדער פון עטלעכע נעכט פלעגן מיר אויסשטודירן אַ פּלאַן פון טעטיקייט. מיט דעם פּלאַן פלעגן מיר אַוועקגיין צו אונזער צענטראַלע. אָן איר צושטימונג פלעגן מיר גאָרניט טאָן. דאָרט פלעגט מען באַשטעטיקן אָדער אָפּוואַרפן

דעם פּלאַן. אונזערע פּלענער פּלעגט מען אין דער צענטראַלע אָפּט אויסבעסערן און פאַרריכטן; מען פּלעגט אונז צוטיילן ספּע־ציאַליסטן, וואָס קאָנען די געפּלאַנטע אַרבעט בעסער פון אונז; און דאָרט פּלעגט מען אונז אויך געבן די נייטיקע אויפרייס־שטאָפן און מאַטעריאַלן. אַזוי האָבן מיר געאַרבעט ביז יאַנואַר 1943.

אָנהייב יאַנואַר זיינען אַרעסטירט געוואָרן צוויי פון אונזערע מענטשן: ווייסמאַן און אַדעק ליפשיץ. די „געסטאַפּאָ" האָט זיי ביידע גענומען אויף אַ פאַרהער. ליפשיץ איז געוואָרן אַ פּראָוואָ־קאַטאָר. אויפן גרונד פון זיינע דערקלערונגען האָבן זיך די נאַ־צישע מערדער דערוואוסט אַ סך זאַכן וועגן אונזער טעטיקייט. עס זיינען אַנטדעקט געוואָרן אייניקע פון אונזערע פונקטן אין קראָקע און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אַרעסטן און איבערפאַלן אויף אונזערע אַנדערע פונקטן.

נאָך אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד זיינען געפאַלן אייניקע פון אונזערע חברים. אַנדערע זיינען אַרעסטירט געוואָרן. אין אונ־זער טעטיקייט איז אַריינגעטרעטן אַן אומאָרדענונג. מיר האָבן זיך ניט געקענט ווידמען דער סאַבאָטאַזש־אַרבעט אין אַזאַ מאָס, ווי מיר האָבן דאָס פריער געטאָן. דאָס רוב פון אונזערע חברים זיינען געבליבן אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער.

אונזערע חברים, וואָס מ'האָט אַרעסטירט, האָט מען ניט גלייך דערשאָסן. מען האָט זיי געהאַלטן אַרעסטירט ביזן מאָנאַט מערץ. פון זיי האָט די „געסטאַפּאָ" זיך געוואָלט דערוויסן מער פון אונזער טעטיקייט, מער פון אונזערע העלדן. די דאָזיקע חברים זיינען אויף אַ שרעקלעכן אופן געפייניקט געוואָרן. מען האָט זיי אָנגעטאָן די גרעסטע יסורים. אַלע זיינען זיי אָבער ביי־געשטאַנען דעם נסיון און האָבן פון אונזערע סודות גאָרניט אַרויס־געגעבן. דאָס איז געווען אין קראָקע.

זינט מען האָט אַרעסטירט אונזערע חברים, איז אונזער איינ־ציקער געדאַנק געווען, ווי אַזוי זיי אַרויסצוראַטעווען פון זיכערן טויט. אונזערע חברים האָט מען געהאַלטן אין דער תפיסה „מאָנ־טעלופּעק". פון דאָרט זיי צו באַפרייען איז געווען אַן אוממעג־לעכע זאַך. מיר האָבן אָבער געוואוסט, אַז פון דאָרט מוז מען זיי אַרויספירן, און מיר האָבן באַשלאָסן זיי צו העלפן אַנטלויפן, ווען מען וועט זיי האַלטן אין איבערפירן פון דער תפיסה אין אַ צוויי־טער.

אונז איז געלונגען צו שטיין אין פאַרבינדונג מיט אונזערע חברים אין תפיסה. מיר האָבן זיי מיטגעטיילט אונזער פּלאַן. די אַרעסטירטע דאַן און לאַבאַן (די נעמען זיינען פאַרשטעלטע; דער אמתער נאָמען פון לאַבאַן איז געווען אַברהם לייבאָוויטש, אַן אַק־טיווער מיטגליד פון די פּועלי־ציון אין קראָקע) האָבן אונז מיט־געטיילט, אַז מיר זאָלן זיך וועגן זיי ניט זאָרגן, און אַז זיי וועלן זיך אַרויסראַטעווען מיט אייגענע קרעפטן.

מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז דעם 23טן מערץ וועט מען זיי איבערפירן אין אויטאָמאָבילן פון דער תפיסה „מאָנטעלופּעק" אין דעם יידישן קאָנצענטראַציע־לאַגער „יערוזאַלימסקי", כדי זיי דאָרט צו דערשיסן. מיר האָבן געוואָלט זיין גרייט צו עפּעס אַ טאַט, און דעריבער האָבן מיר אויף יעדן פאַל באַוואָפנט צוועלף פון אונזערע חברים. זעקס פון זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ געסעלע נעבן דער תפיסה, און די אַנדערע זעקס האָבן זיך באַ־האַלטן פאַרן אַריינגאַנג אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „יערוזאַלימ־סקאַ". 4 אַזייגער נאָכמיטאָג האָבן זיי דערזען אַ לאַסט־אויטאָ. דאָרט זיינען געזעסן אונזערע חברים, און אויסער זיי אַ שאָפער מיט דריי וועכטער, אָנגעטאָן אין שטאָלענע קאַסקעס. אין די הענט האָבן זיי געהאַלטן אויטאָמאַטישע רעוואָלווערן. דאַן און לאַבאַן זיינען געזעסן נאָענט צו די וועכטער, אויף דער הינ־טערשטער באַנק.

צווישן די אַרעסטירטע חברים איז געווען אָפּגערעדט, אַז ווען דאַן אָדער לאַבאַן וועט אָנהויבן צו הוסטן, זאָלן זיך אַלע אויפ־הייבן פון די בענקלעך. ווען דער אויטאָ איז דורכגעפאָרן נעבן וועליטשקאַ, האָט איינער פון די דערמאָנטע חברים אָנגעהויבן צו הוסטן. אַלע אַרעסטירטע האָבן זיך דעמאָלט אויפגעשטעלט פון זייערע ערטער. אין אויטאָמאָביל איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע. די וועכטער האָבן ניט געוואוסט, וואָס עס באַדייט, און אויך זיי האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער און אָנגעהויבן צו הוסטן. דאַן און לאַבאַן האָבן אויסגענוצט די צעטומלונג און צעוואָרפן די בענק. אונטער די בענק זיינען אַרונטערגעפאַלן צוויי פון די וועכטער. דאַן און לאַבאַן האָבן זיך אויף זיי געוואָרפן, אַרויסגעריסן די אויטאָמאַטישע רעוואָלווערן פון זייערע הענט און אָנגעהויבן צו שיסן. אין דער שיסעריי איז לײדער אויך לאַבאַן אַליין דערשאָסן געוואָרן.

אין לאַסט־אויטאָ זיינען געזעסן 33 פון אונזערע חברים. אין טומל און אין דער שיסעריי איז 12 פון זיי געלונגען צו אַנט־לויפן.

אונזער וואָך פון זעקס חברים, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון דער תפיסה „מאָנטעלופּקי״, איז גלייך צוגעלאָפן צום אָרט פון דער געשעעניש, צו וועליטשקאַ גאַס. די שיסעריי האָט זיי אַלאַרמירט. דאָרט האָבן זיי געהאָלפן די אַנטלאָפענע אַראָפּוואַרפן פון זיך די אַרעסטאַנטישע קליידער און היטלען און צוזאַמען מיט די 12 באַפרייטע חברים זיינען זיי אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן אין די היילן, וואָס פירן פון דער געטאָ.

אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט מען נאָך אין דער תפיסה „מאָנטעלופּקי״ ניט געוואוסט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אויף דער וועליטשקאַ גאַס. האַלב נאָך פיר האָט מען אַרויסגעפירט פון תפיסה 22 יידישע מיידלעך, כדי זיי צו פירן צו־פוס צום קאָנצענ־טראַציע־לאַגער „יערוזאַלימסקאַ״. ווען די מיידלעך האָבן אונז דערזען ניט ווייט פון דער תפיסה, האָבן זיי גלייך אָנגעהויבן צו לויפן. דאָס מאָל האָט זיך עס אָבער ניט איינגעגעבן. אַלעמען, אויסער דריי, האָט מען צוריק געכאַפּט. פון די דריי איז איינע דערשאָסן געוואָרן און צוויי איז דאָך געלונגען זיך צו ראַטעווען״.

די מיטגלידער פון דער גרופּע זיינען אַנטלאָפן אין די וועלדער אַרום באָכניע און האָבן צוריק באַנייט זייער אַרבעט. זיי האָבן צוריק איינגעשטעלט אַ פאַרבינדונג מיט וואַרשע און אַהין איבערגעשיקט היפּ־שע געלט־סומען. אָנהייב מאַי האָבן זיי צוריק אָנגעהויבן אַרויסגעבן זייער וואָכנשריפט „החלוץ הלוחם״. די צייטונג האָט מען פאַרשפּרייט אין די אַרבעטס־לאַגערן, און זי האָט אויך דערגרייכט קיין טאַרנאָוו, ריישע, פּרזשעמישל און אַפילו אין די אַרבעטס־לאַגערן פון אַרום יאַס־לע. „מיר האָבן געוואָלט שאַפן אַ פאַרבינדונג מיט אַלע לאַגערן, און דאָס איז אונז געלונגען״.

אין משך פון באַריכטס־פּעריאָד (אַפּריל—סעפּטעמבער 1943) איז דער גרופּע געלונגען עלף מאָל אויפצורייסן די אייזנבאַן קראָקע—לעמ־בערג.

„מיר האָבן הויפּטזעכלעך געאַרבעט אויף דער שטרעקע צווישן טאַרנאָוו און באָכניע. ניט ווייט פון באָכניע האָבן מיר אַמאָל צעשטערט אַ גאַנצע מילך־ווירטשאַפט מיט אַלע מאַשינען. אַ סך סאַבאָטאַזש־אַקטן האָבן מיר אויך אויסגעפירט אין פאַבריקן

און אין אַרבעטס־לאַגערן. מיר האָבן צעשטערט און פאַרניכ־טעט אַלץ, וואָס מיר האָבן געקענט, כדי צו פאַרשאַפן שוועריקייטן פאַר דער נאַצישער קריגס־מאַשין".

ווייטער ווערט אין דעם העכסט־אינטערעסאַנטן דאָקומענט דער־ציילט ווי די גרופּע האָט זיך אָפּגערעכנט מיט פּראָוואָקאַטאָרן:

„די פּראָוואָקאַטאָרן, וואָס מיר האָבן אָפּגערוימט פון וועג, האָבן מיר פריער מיטגעטיילט זייער אורטייל. מיר פלעגן פונאַנ־דערשיקן דראָאונגס־בריוו צו „געסטאַפּאָ"־אַגענטן, אַז זיי זאָלן זיך ריכטן אויף זייער שטראָף. אויך דער פּראָוואָקאַטאָר ליפשיץ איז ענדלעך געוואָרן אָפּגערוימט פון וועג".

דריי חברים פון דער גרופּע האָבן זיך איבערגעטאָן אַלס דייטשע באַאַמטע און זיינען אַריינגעקומען אין זיין דירה ביינאַכט. מען האָט אים געוויזן אַ באַפעל פון דער „געסטאַפּאָ" גלייך צו קומען אין אַפּיס פון „אָרדנונגסדינסט". אינדרויסן, ניט ווייט פון זיין דירה, האָט מען אים דערוואָרגן. אין זיין טויטן קערפּער, באַהאַלטן אין אַ פאַרבאָרגן אָרט ביי אים אין קעשענע, האָט מען געפונען אַ רשימה פון 60 מיט־גלידער פון דער גרופּע, וואָס ער האָט זיך געגרייט איבערצוגעבן דער „געסטאַפּאָ". צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען דער נאָמען פון יידישן העלד, וואָס האָט דעם דאָקומענט אָנגעשריבן און איבערגעשיקט קיין ארץ־ישראל.

מיר האָבן געהאַלטן פאַר נייטיק איבערצוגעבן אַלע פּרטים פון דאָזיקן דאָקומענט, ווייל ער מאַכט מעגלעך זיך צו באַקענען מיט די אַרבעטס־מעטאָדן און סאַבאָטאַזש־אַקטן פון ענלעכע גערילאַ־גרופּעס, וואָס זיינען צעשפּרייט איבער פאַרשידענע ראַיאָנען.

אין טאַרנאָפּאָל האָבן די נאַציס אויפגעהאָנגען 14 יידן, דערונטער 3 פרויען פאַר נעמען אָנטייל אין אַ פּאַרטיזאַנען־גרופּע. אין אָשוויענ־טשים זיינען געוואָרן דערשאָסן 100 יידישע אינטעלעקטואַלן פאַר אַרויס־געבן און פאַרשפּרייטן אַן אומלעגאַלע צייטונג.

אַ גרויסע טעטיקייט האָבן די יידישע פּאַרטיזאַנען אַנטוויקלט אין דער געגנט פון לובלין. פיל יונגע יידן זיינען אַנטלאָפן פון די אַר־בעטס־לאַגערן אין די וועלדער, וואו זיי האָבן זיך פאַראייניקט מיט די פּוילישע פּאַרטיזאַנען אָדער געשאַפן זעלבסטשטענדיקע יידישע אָפּ־טיילונגען.

עדוואַרד וואַרשאַווסקי, וואָס האָט פאַרלאָזן די וואַרשעווער געטאָ סוף מערץ 1943, האָט איבערגעגעבן אין לאָנדאָן, אַז פיל וואַרשעווער

יידן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט נאָכן דערשטיקן דעם יידישן אויפ־שטאַנד, זיינען צוגעשטאַנען צו די געריליאַ־קעמפער. איין יידישע גע־ריליאַ־אָפּטיילונג זאָל טראָגן דעם נאָמען פון בערעק יאָסעלעוויטש (באַ־קאַנטער יידישער העלד פון פוילישן אויפשטאַנד קעגן רוסלאַנד אין 1794) און זאָל באַשטיין פון 4 ביז 5 טויזנט קעמפער. זייער אָנפירער איז אַ געוועזענער יידישער אָפיציר פון דער פוילישער אַרמיי, מיט דעם פאַרשטעלטן נאָמען יאָזעף גוט.

די יידישע געריליאַ־קעמפער האָבן שוין אויסגעהרגעט 800 דייטשן און צעשטערט פיל צוגן מיט אַמוניציע און שפּייז.

ניט לאַנג צוריק האָט די דאָזיקע אָפּטיילונג פאַרנומען דאָס שטעטל מאַרקושאָוו ביי לובלין, וואו ס'זיינען געווען פאַרשפּאַרט אין אַ לאַגער 120 פוילישע און יידישע געפאַנגענע. די געריליאַס האָבן אויסגעהרגעט דעם דייטשן גאַרניזאָן און די פּאָליציי און באַפרייט די אַרעסטירטע.

די דייטשן האָבן זיך ענערגיש אַ נעם געטאָן אויסצוראָטן די דאָ־זיקע גרופּע און זיי האָבן אַרויסגעשיקט ספּעציעלע אָפּטיילונגען אַנט־קעגן זיי. ס'האָט זיך אַנטוויקלט אַ גרויסע שלאַכט, אין וועלכער פיל דייטשן און 50 געריליאַס זיינען געפאַלן.

די דאָזיקע יידישע געריליאַ־אָפּטיילונג באַקומט איר געווער פון פאַרשידענע קוועלן; אַ סך פון דעם איז צוגענומען אָדער צוגעגנבעט געוואָרן ביי די דייטשן אַליין, אָבער פיל געווער באַקומט זי אויך פון דער פוילישער אונטערערדישער באַוועגונג.

זייער קאַמף־רוף איז: „ניט אונטערגעבן זיך!" — און איטלעכער ייד, וואָס טרעט אַריין אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג, מוז שווערן ניט צו לאָזן זיך נעמען קיין לעבעדיקן.

די דאָזיקע געריליאַ־אָפּטיילונג האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט בלויז מיט 20 מיטגלידער; זי איז אָבער כסדר פאַרשטאַרקט געוואָרן דורך יידן, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון די געטאָס. זיי אָפּערירן מערסטנס אין געגנטן, וואו עס געפינען זיך פיל באַן־ליניעס, וואָס פירן צום מזרח־פראָנט. פיל יידישע פרויען דינען אין די רייען אַלס זעל־נער, נוירסעס אָדער קעכינס.

די פירער פון דער אָפּטיילונג זיינען זייער גוט באַקאַנט מיט מיליטערישער טאַקטיק און אָרגאַניזאַציע; מען גלייבט, אַז די דאָזיקע אָפיצירן האָבן אָנטיילגענומען אין דער פאַרטיידיקונג פון פוילן בעת דער אינוואַזיע אין 1939.

די פוילישע טעלעגראַפן־אַגענטור האָט אויך מיטגעטיילט (סוף 1943) וועגן אַ גוט־באַוואָפנטער יידישער גערילאַ־אָפטיילונג פון אַ 300 מאַן, וואָס אָפּערירט אין דער געגנט פון לובלין. אין יולי 1943 האָט די דאָזיקע גרופּע אויפגעריסן 12 בריקן, צווישן זיי 3 באַן־בריקן. די גרופּע זאָל שטאַמען פון יידן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון די געטאָס. זי גיט אַרויס אַן אונטערערדישע צייטונג „דער געטאָ־גערילאַ". די גרופּע קאָנצענטרירט זיך בעיקר אויף אויסהרגענען נאַציס, וואָס זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די יידישע שחיטות. „דער געטאָ־גערילאַ" רימט זיך, אַז ס'איז אים געלונגען צו „ליקווידירן" פיל דייטשן, וואָס זיינען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר ליקווידירן די געטאָס אין לובלין און אין אָטוואָצק.

אַ צווייטע גרופּע, וואָס אָפּערירט אין די וועלדער אין דער דרום־זייט פון לובלין, אַטאַקירט דייטשע צוגן און האָט אויסגעהרגעט פיל צענדליקער דייטשן.

די פּויערים אין די דערפער באַהאַלטן די יידן מיט אַלע מעגלעכקייטן, די נאַצישע שטראָף־עקספּעדיציעס קעגן די יידישע גערילאַס ענדיקן זיך דערפאַר אַן דערפאָלג. אין איין דאָרף אין דער געגנט פון קראַסניק האָט די גאַנצע מענלעכע פּויערים־באַפעלקערונג זיך פאַראייניקט מיט די יידישע גערילאַס. זייער דאָרף איז זאָפאָרט פאַרברענט געוואָרן דורך די נאַציס.

די דייטשע פּרעסע באַשטעטיקט אַליין פיל פון די דאָזיקע אינפאָרמאַציעס. דער „דאַנציקער פאָרפּאָסטען" האָט, למשל, מיטגעטיילט, אַז די יידישע און פוילישע פּאַרטיזאַנען האָבן געשאַפן ספּעציעלע בריגאַדעס דורכצופירן נקמה־אַקטן קעגן די נאַצי־באַאַמטע און פּאָליציי אין גענעראַל־גאָווערנמענט. אין יוני 1943 זיינען, לויט דער זעלביקער צייטונג, געוואָרן דערהרגעט דורך יידן 58 דייטשן, אַלס נקמה־אַקט פאַר דער אויסראָטונג פון די יידישע געטאָס אין וואַרשע, קראָקע, טשענסטאָכאָוו א"אַ שטעט. *) די זעלביקע צייטונג טיילט מיט, אַז דער 21יאָריקער יידישער „פּאַרטיזאַנען־באַנדיט" הערי בלומענפּרוכט איז געוואָרן געפאַנגען פון די דייטשן אין בענדין צוזאַמען מיט זיין פוילישן פריינד בעת אַן אָנפאַל אויף נאַצישע באַאַמטע.

---

*) לויטן „ניוס בולעטין" פון דער רעפּרעזענטאַנץ פון פוילישע יידן אין אַמעריקע, נומ' 4, אָקטאָבער 1943.

יידישע גערילאַ־גרופּעס זיינען אויך שטאַרק טעטיק אין די מזרח־געביטן פון פּוילן. אַ פּוילישע אונטערערדישע צייטונג, וואָס איז ניט באַזונדערס פריינדלעך צו יידן, טיילט, למשל, מיט (סוף 1943):

„גאַנץ ווילנער געגנט איז באַדעקט מיט יידישע קאַמף־גרופּעס, וועלכע ציילן צו 20—30 פּערזאָן. דאָס זיינען פאַרבי־טערטע יידן, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון די געטאָס און פון די קאַנצענטראַציע־לאַגערן.

די אָנפירערין זייערע איז אַ מיידל פון סמאַרגאָן, אַ געוועזענע סטודענטין אין ווילנער אוניווערזיטעט. ניט לאַנג צוריק האָט איינע פון די דאָזיקע גרופּעס דורכגעפירט אַ רייע אָנפאַלן אויף שטעטלעך און דערפער אין אָשמיאַנער קרייז". *)

די אונטערערדישע „פּראַוודאַ" פון 29טן אָקטאָבער 1943 טיילט מיט וועגן אַ געוואַגטן אָנפאַל פון יידישע גערילאַס ביי ביאַליסטאָק אויף אַ דייטשישן עקספּרעס־צוג, וואָס קורסירט פון קעניגסבערג קיין ביאַליסטאָק. דעם 19טן אָקטאָבער איז דער צוג נעבן דער סטאַנציע קנישין אַרויף אויף אַ מינע און דער לאָקאָמאָטיוו מיט דריי פאַדערשטע וואַגאָנען זיינען אַראָפּגעפאַלן פון אַ הויכן באַרג. צווישן די טויטע האָט זיך געפונען אַ דייטשער גענעראַל פון לופט־פלאָט און 10 שטאַב־אָפיצירן. דער ביאַליסטאָקער פּאָליציי־שעף האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, אַז ער וועט אויסצאָלן 10 טויזנט רייכסמאַרק און געבן אַ מתנה אַ הויז מיט אַ גאָרטן יעדן, וואָס וועט אַרויספירן אויף די שפּורן פון די „פאַרברעכער". „דאָס איז די אַרבעט פון יידישע באַנדיטן" — גיט צו מעלאַנכאָליש דער פּאָליציי־שעף.

וועגן ווילנע האָט איבערגעגעבן אינטערעסאַנטע אינפאָרמאַציעס אויף דעם צוזאַמענפאָר פון יידישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָס־קווע (אָנהייב אַפּריל 1944) דער יונגער ווילנער יידישער דיכטער אַברהם סוצקעווער.

די יידישע פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונג, וואָס איז געווען טעטיק אין ווילנע און אומגעגנט, איז אַנטשטאַנען אין יאַנואַר 1942. איר פירער איז געווען דער 41יעריקער יידישער שוסטער וויטנבערג, וואָס איז שפּעטער געפאַנגען געוואָרן דורך די נאַציס.

די אָרגאַניזאַציע איז אַנטשטאַנען נאָך די מאַסן־שחיטות אויף יידן אין ווילנע און איר אומגעגנט אין 1941. דער געדאַנק פון שטעלן אַ

*) ה. שאָשקעס אין „מאָרגן־זשורנאַל" פון 11טן יאַנואַר 1944.

ווידערשטאַנד האָט פּאַראַליזירט אַלעמען. אין דער געטאָ איז גע־וואָרן געזאַמלט געלט איינצוקויפן וואָפן. מיטגלידער פון דער אָר־גאַניזאַציע, וואָס האָבן געאַרבעט אין דייטשע קריגס־פאַבריקן, האָבן געגנבעט רעוואָלווערן און, ריזיקירנדיק מיט זייערע לעבנס, זיי גע־בראַכט אין דער געטאָ. עס זיינען געווען טעטיק ספּעציעלע גרופּעס אויפרייסער, גראַנאַטן־וואַרפער, מאַשין־ביקסלער און אַנדערע. די אָרגאַניזאַציע האָט געקראָגן מכשירים פאַר אַ דרוקעריי און אַרויסגע־געבן אַן אומלעגאַלע צייטונג. אין אַ גרוב איז אָנגעשטעלט געוואָרן אַ ראַדיאָ־אויפנעם־אַפּאַראַט און עס זיינען רעגולער דערשינען ראַדיאָ־ביולעטינען. אין יוני 1942 איז נעבן ווילנע געוואָרן אויפגעריסן אַ דייטשער אַמוניציע־צוג. ס׳איז אויך געוואָרן אויפגעריסן אַ דייטשער אַמוניציע־סקלאַד.

300 באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנען האָבן זיך צולעצט אַרויסגעגנבעט פון דער געטאָ דורך די שטאָטישע וואַסער־קאַנאַלן און זיך פּאַראַלי־זירט אין די וועלדער מיט פּוילישע, ליטווישע און ווייסרוסישע פּאַר־טיזאַנען, שאַפנדיק אַ געמיינזאַמע קאַמף־אָרגאַניזאַציע. *)

סוצקעווער האָט אויך איבערגעגעבן, אַז אין דער ווילנער געטאָ האָבן עקזיסטירט אַ לאַנגע צייט אומלעגאַל 2 קינדער־היימען און 3 קינדער־גערטנער, איינגעפירט דורך פאַנאַטיש־איבערגעגעבענע לערער, וועלכע ס׳האָט יעדער טאָג געקוקט דער טויט אין די אויגן אַריין (לער־נען מיט יידישע קינדער איז געווען שטרענג פאַרבאָטן).

וועגן אַ גערילאַ־גרופּע אונטערן נאָמען „אַבּרהמס פּאַרטיזאַנען", וואָס ווערט אָנגעפירט פון איינעם אַבּרהם אין די וועלדער פון סטאַ־שאָוו (קעלצער ראַיאָן) גיט איבער אַ „איטאַ"־ידיעה פון זשענעווע פון 25טן אַפּריל ה"י.

פיל אַנטלאָפענע יידן פון די פאַרניכטעטע געטאָס וואַנדערן אַרום אין די וועלדער. פיל פון זיי שליסן זיך אָן אין די פּאַרטיזאַנען־גרו־פּעס. וועגן זיי אינפאָרמירט דער באַריכט צום אַרבעטער־קאָמיטעט (יוני 1943):

„פון די, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון די פּאָגראָמען אין געטאָ, זיינען געוויסע גרופּעס אַנטלאָפן אין די וועלדער, אויף פאַרשידענע אופנים און דורך פאַרשידענע וועגן. אַ טייל פון די גרופּעס איז געווען באַוואָפנט, אַנדערע זיינען געווען אומבאַ־

*) „ניו יאָרק טאַימז" פון 15טן אַפּריל 1944.

וואַפּנט. דער גרעסטער טייל פון זיי, כדי צו קאָנען לעבן, שאַפן ווילדע גרופּעס, וועלכע נעמען שפּייז מיט כוח. אַ קלענער טייל פון זיי שליסט זיך אָן אָן די פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען. אַלע ווערן זיי געטריבן דורך אַ מוראדיקער סטיכיע און דורך באַדינגונגען, וואָס דער דייטשער טעראָר שאַפט, אין די וועלדער. די לעבנס־באַדינגונגען פון די טראַגישע וואַנדערער, וואָס ווערן געטריבן ווי משוגענע הינט, איז ניט צו באַשרייבן".

דער באַריכט דערציילט אויך, אַז עס ווערן געמאַכט באַמיאונגען צו אָרגאַניזירן און פאַרבינדן די וואַלד־גרופּעס, און אַז וועגן דעם זיינען פאָרגעקומען קאָנפערענצן מיט פאָרשטייער פון דער פּוילישער אונטער־ערדישער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע.

יידישע פרויען נעמען אומעטום אַ זייער אַקטיוון אָנטייל אין די פּאַרטיזאַנען־גרופּעס. אין די הענט פון דער „געסטאַפּאָ" אין פּוילן געפינט זיך אַ ספּעציעלע ליסטע פון אָן ערך 300 נעמען פון יידישע פרויען, וואָס ווערן געזוכט פאַר סאַבאָטאַזש, — מעלדעט די פּוילישע טעלעגראַפן־אַגענטור (אין פעברואר 1944). אַ סומע פון 4,000 דאָלאַר איז צוגעזאָגט געוואָרן פאַר דריי פרויען, וועלכע זיינען אַנטלאָפן נאָכ־דעם, ווי זיי זיינען שוין געהאַט אַרעסטירט געוואָרן פון די דייטשן.

די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע אַנטוויקלט ווייטער אַ ברייטע טע־טיקייט אין פאַרשידענע געגנטן פון לאַנד. אין איינעם פון די לעצטע באַריכטן פון יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט דערגייט צו אונז אַ גרוס פון אונזערע העלדישע נקמה־נעמער אין די נאַצי־באַרבאַרן: „די יידי־שע קאַמף־אָרגאַניזאַציע פון פּוילן גריסט אַלע יידישע זעלנער, וואָס קעמפן פאַר דער באַפרייאונג פון אַלע מענטשן, קעגן נאַציזם און פאַשיזם".

די הונדערטער טויזנטער יידישע סאָלדאַטן אין די אַרמייען פון די עלאַיס וועלן היילִיק האַלטן דעם גרוס פון די קעמפנדיקע רעשטלעך פון יידישן פּוילן און וועלן צואיילן דאָס קומען פון גרויסן טאָג פון נקמה און פרייהייט.